הובילה דרך שדות עצים, בוסתנים, גני פרי ומשקים חקלאיים עד בואכה למעיינות לשניוב הזכים.

כאן היו מתכנסים, בעיקר בשבתות, כל בני הנוער בעיירה לשתות מהמים הזכים ולהסתכל במי המעיינות המפכים חורמים להם בנחת בואדי דרך יערות ושדות עד הגיעם לעיירה.

מכאן נמשכו גם יערות אין סופיים, שהובילו לכפרים פולניים סמוכים וכן חורשות צל רבות. יפה היתה הסביבה ושקטה, כאן בילינו שנות הנעורים היפות ביותר. כאן למדנו שירת הצפורים והדרור; בחיק הטבע הזה ינקנו ונשמנו אוירה חדשה: כאן שרנו השירים הראשונים — „מולדתי", „לילות כנען" על העמק והגליל...

וכשחזרנו שכורי אהבת הטבע מיערות לשניוב, היתה התחנה הראשונה בבית ברנדיס. כאן פרקנו את ההרגשות, כאן שתינו כוס מים להרוות את צמאוננו והמשכנו לשיר... הבית הזה היה פתוח מהשכם בבוקר עד מאוחר בלילה, כאן התקיימו ויכוחים סוערים על דת וציונות, ארץ ישראל והערבים. לכאן באו כל המדריכים לשם התיעצויות, לכאן באו כל השליחים ואפילו השליחים מחוץ לארץ התאכסנו כאן. כאן שתינו בצמא כל מלה היוצאת מפי שליח מארץ ישראל. למדנו שיר חדש, פזמון, ניגון או סתם חדשות מהעולם הרחב. כאן גם יכולנו לקרוא עתונים שונים שהגיעו מכל העולם.

וקרה לא פעם, כשנכנס „גוי" לקנות סוכר, או מלח, ובחנות אין איש. והלקוח נכנס לבית וצועק: „פאַני באַלצ'ע, פאַני אונטצ'ע. אך הבנים והבנות עסוקים בויכוח חם על פוליטיקה ואיש אינו שם לב לקונה העומד נדהם ומסתכל „בבטלנות היהודית".

שמח היה בבית הזה בימים ובלילות. עד אחר חצות בקע כאן אור וקשה היה לעזוב את בית ברנדיס.

שכבות שלמות התחנכו וינקו חכמה ודעת בבית פתוח זה. כאן השאלנו ספרים עתונים ואפילו מצרכים לטיולים ולמחנות ולסתם חברים. בזמן מצוקה „סחבנו" את הדרוש מבית זה!

אכן מכאן יצא צבי ברנדיס, הצעיר ביותר במשפחת ברנדיס שספג לתוכו את כל המסורת היפה של הבית הזה. הוא היה עמוד האש שהאיר לרבים במרוצת השנים והפך ללפיד המרד בגיטו בנדין נגד קלגסי הנאצים. הוא איש הספר והמחשבה המעמיקה נעמד בראש המרד המזוין והציל את כבוד ישראל וכבוד העיירה שלנו בנפלו עם נשק ביד נגד רוצחי עמנו.

יהיה שמו ברוך לנצח!

**אברהם אייזנברג**

# המעיין בלישניוב (דער סטוק)

לזכרו של אבי צבי שיבק ז״ל, שהיה מכונה — הערשל בלאחארז׳.

מי מאתנו ילידי העיירה ז׳ארקי לא נזכר במעיין המפורסם בלישנוב, שהצטיין ביופיו ובמימיו הזכים ואשר בו קשורים זכרונות כה רבים ונעימים מימי ילדותנו ונעורינו. מה אהבנו לא רק לבלות על ידו, לא רק לשתות



המעיין המפורסם בלישניוב

ממימיו אלא גם להתכופף ולהסתכל איך מתפרצים וגועשים מימיו ללא הפסק כאילו יד נעלמת מכוונת את מרוצתם. המעיין שימש מקור לראשיתו של נחל — „די דז׳קה״ והנחל עבר בלב העיירה ממש — המקווה, בית המדרש ובית הכנסת מזה ועסקי הבורסקאים מזה. ואם בהיותנו ילדים לא העזנו לגשת עד המעין

עצמו מפחד השקצים הקטנים שהיו מתנפלים עלינו (המעין נמצא בסביבה גוית), הרי כאן בתוך העיירה על יד בית הכנסת לא ידענו פחד ונהנינו מהמשחק שבחול אפיקו וגם ממימיו הזכים. על יד המעין ממש עמדה כנסיה נוצרית גדולה, אשר כל שנה היתה מושכת אליה אלפי עולי רגל נוצרים, שהיו מתכנסים כאן מהרבה ערים וכפרים על יד המעין, כשהם נושאים עמם הרבה דגלים ואיקונין, ביניהן גם של מרים הקדושה.

אבי ז"ל, אשר לפי מקצועו פחח היה, עבד לעתים בכנסיה זו בתקון הגג והצריח הגבוה והיה נכנס לשיחה עם כומר הכנסיה. פעם ספר לי, כי באחת השיחות עם הכומר שאלו על סיבת קדושתו המיוחדת של המקום בעיני הנוצרים. ואלה היו דברי הכומר: לפני הרבה שנים עוד לפני קום העיירה ז'ארקי וטרם היות המקום מוקף יערות עברה במקום זה עגלה עם דיוקנה של מרים הקדושה והעגלה רתומה לצמד שוורים. בהגיע העגלה למקום בו עומדת הכנסיה לא רצו השוורים להתקדם הלאה כי צמאים היו. ומים בסביבה אין. לתמהונם של האנשים אשר ליוו את האיקונין של מרים הקדושה, פערה האדמה את פיה ומים פרצו מתוך מעין. אחרי שהשוורים הרוו את צמאונם, המשיכו את דרכם לצ'נסטוחוב ומקום המעין הפך מאז למקום מקודש לכל המאמינים הנוצרים.

**יהושע בן־צבי**

כפר הס

השוק והרחובות
הסמוכים אחרי
הפצצת הגרמנים
בשנת 1939

דער מארק און די
ארומיקע גאסן נאָך
די באמבארדירונגען
אין 1939















# דאָס שטעטל ברענט

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט,
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט,
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
דאָס גאַנצע שטעטל — אַלץ אַרום־אַרום שוין ברענט,
און איר שטייט און קוקט אַזוי־זיך
ווי אונדזער שטעטל ברענט.

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט.
די גאנצע הילף איז נאָר אין אייך געווענדט.
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים און לעשט דאָס פייער.
באַווייזט וואָס איר קענט.
שטייט נישט, ברידער, אָט אַזוי־זיך
מיט פאַרלייגטע הענט,
נעמט די כלים און לעשט דאָס פייער,
ווייל אונדזער שטעטל ברענט.

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט.
עס קאָן, חלילה, קומען דער מאָמענט,
דאָס גאנצע שטעטל מיט אונדז צוזאמען
זאָל אוועקקומען אין פייער און פלאמען,
בלייבן וועלן ווי נאָך א שלאכט
נאר שווארצע פוסטע ווענט,
און איר שטייט און קוקט אַזוי־זיך
מיט פאַרלייגטע הענט,
שטייט נישט, ברידער, און לעשט דאָס פייער,
ווייל אונדזער שטעטל ברענט.

מ. גבירטיג

# חורבן און אומקום פון יידישן זשאַרקי

עס ציטערט די האַנט, ווען זי נעמט די פעדער כדי צו פאַרצייכענען יענע גרויזאַמע תקופה — די מוראדיקע פאַסירונגען פון די יאָרן 1945—1939. טויזנטער ביכער זענען שוין געשריבן געוואָרן וועגן יידישן חורבן און אומקום, טויזנטער אַזעלכע ביכער וועלן נאָך געשריבן ווערן איבער די מאָדערנע היטלעריסטישע קאַניבאַלן און פעלקער־מערדער, אָבער ס׳איז שווער צו גלייבן, אַז ס׳איז שוין פאַראַן די שפּראַך, מיט וועלכער מען זאָל קאָנען אויסדריקן דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט בעת יענער טרויעריקער תקופה. עס פעלן די פּאַסיקע טערמינען, מיט וועלכע מען דאַרף באַצייכענען די טראַגעדיע וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט.

צו גרויס איז דער פאַרנעם פון אָט דער טראַגעדיע, אַז אַ היסטאָריקער זאָל אימשטאַנד זיין דאָס צו באַשרייבן, אַז ער זאָל בכוח זיין צו שילדערן די מוראדיקע ליידן פונעם מענטשן, יעדער יחיד, וואָס האָט אַדורכגעלעבט און איבערגעלעבט יענע תקופה, איז אַליין אַ געשיכטע פון בלוט און טרערן. מעגלעך, אַז פון דעם אַלעם, וואָס יחידים וועלן שרייבן, וועט מיט דער צייט זיך שאַפן דאָס אַלגעמיינע בילד פון חורבן און אַזוי אַרום וועט אויסוואַקסן אַ מאָנומענטאַל ווערק, וואָס וועט דערציילן וועגן דער שרעקלעכער פאַרשווערונג פון מענטש און זיין קולטור.

ווו זענט איר, וויסנשאַפט־מענער, דיכטער און דענקער? ווו זענט איר, קולטור־טרעגער פון אַלע צייטן? ווו זענט איר, פרעדיקער פון מאָראַל, יושר, הומאַניזם און מענטשן־ליבע?

שטייט אויף פון אייערע קברים, שילער און געטע, קאַנט און העגעל. קומט און זעט די ווירקונג פון אייערע הערצער און מוחות. און איר מוזיקער, פאַרשטייער פון סענטימענט, פון דער נשמה־שפּראַך, איר וואָס האָט גרויס געמאַכט דעם

נאָמען פון אייער פאָלק אין געגעבן אים דעם אויבנאָן אין דער אַלגעמיינער מענטשלעכער קילטור — באַך אין מאָצאַרט, בעטהאָווען און הענדעל — זעט ווי נידעריק אייער פאָלק איז געפאַלן, ווי עס האָט איבערגעשטיגן די קאַניבאַלן, באַרבאַרן אין ווילדע הינען פון אַלע צייטן!

אין דער אַלגעמיינער קאַטאַסטראָפע האָבן מיר יידן צום מערסטן געליטן שוין דערפאַר, ווייל מיר האָבן זיך געפונען אין די אַלע לענדער, ווו עס האָט געטראָטן דער היטלעריסטישער שטיוול.

פוילן, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טרויעריקע געשעענישן, איז שוין געלעגן אין חורבות און באַלד שפרייט זיך אויס דאָס פייער איבער אַנדערע אייראָפעישע לענדער. עס דונערן די האַרמאַטן אין פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד; עס קומט די ריי אויף נאָרוועגיע; דער הימל פון יוגאָסלאַוויע ווערט שוואַרץ פון עראָפּלאַנען; גריכנלאַנד ברענט.

עס דויערט נישט לאַנג און שוין שטייט דער מזרח אין פלאַמען. ווען די ברייטע שטחים פון דער רוסישער טעריטאָריע ווערן באַגאָסן מיטן בלוט פון מיליאָנען קרבנות — הערן זיך גלייכצייטיק די דעטאָנאַציעס פון עקספּלאָדירנדיקע באָמבעס אין הייסן אַפריקע. דער שטילער מדבר ציטערט אויף אין זיין גאַנצער לענג און ברייט אין די שרעקלעכע שלאַכטן צווישן די צוויי קעגנזעצלעכע כוחות, וועלכע קעמפן מיט די נייסטע טעכנישע קריגס־מיטלען.

עס ברענט די ערד אין עס פלאַמט דער ים, עס גליען די הימלען און די לופט איז פייער — עס שרפהט דער גאַנצער ערדישער גלאָבוס. און אין דעם ים פון פייער שיילט זיך אויס דאָס יידישע פאָלק אין זיין צעשפּרייטקייט און פאַלט דער ערשטער קרבן פון די נאַצישע בעסטיעס, וועלכע שעכטן און שיסן, ברענען און סמען די יידישע באַפעלקערונג ווו נאָר זיי דערגרייכן אין זייער בלוטיקן מאַרש.

צווישן הינדערטער שטעט און שטעטלעך האָט אויף דער מאַפּע פיגורירט אויך אַ שטעטל מיטן נאָמען זשאַרקי, אַ שטעטל מיט אַ געשיכטע פון קנאַפּע 600 יאָר עקזיסטענץ, מיט אַ באַפעלקערונג פון 5000 נפשות, וואָס איז באַשטאַנען פון 3 טויזנט יידן אין 2 טויזנט קריסטן.

די יידישע באַפעלקערונג איז על פי רוב באַשטאַנען פון קליינהענדלער, סוחרים, בעלי מלאכה׳ס פון פאַרשידענע פאַכן. די מערהייט פון זיי זענען פרומע יידן, וועלכע פלעגן דריי מאָל אין טאָג זיך פאַרזאַמלען אין די שטיבלעך און בתי מדרשים כדי צו דאַווענען בציבור. דאָס זענען געווען יידן מיט בערד אין פיאות, געקליידטע אין לאַנגע קאַפּאָטעס.די יוגנט דאַקעגן איז אין מערהייט געווען פאַר־

געשריטן אין געטראָגן אייראָפּעישע קליידונג. עס האָט זיך אויך געפונען אַ טייל רעליגיעזע יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין בית מדרש, פון וואַנען עס האָבן זיך געטראָגן די הייזעריקע קולות מיטן ספּעציפישן גמרא־ניגון אין משך פונעם גאַנצן טאָג — ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעהן.

אין יאָר 1939, בעת דער אַנטיסעמיטיזם האָט דערגרייכט זיין קולמינאַציע־פּונקט, איז די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג געווען אַ שווערע. דער אַנטיסעמיטישער עקאָנאָמישער קאַמף קעגן יידן איז געפירט געוואָרן מיט אַלע מיטלען און וועגן. צוליב אָט די אומשטענדן איז די יידישע יוגנט פריי־צייטיק אַריינגעצויגן געוואָרן אין עול פון פרנסה. אָבער נישט געקוקט אויף דער אַרבעט אין דאַגות פרנסה איז די יידישע יוגנט אין זשאַרקי נישט געבליבן הינ־טערשטעליק אין איר נאַציאָנאַלער דערציונג, און איר קולטור־קאַמף. אירע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען זענען געקומען צום אויסדרוק אין דער ציוניסטישער אַרבעט, און בעיקר אין די זאַמלונגען פאַר די פאָנדן פון קק״ל און קרן היסוד. אַ דאַנק אָט דעם נאַציאָנאַלן דראַנג פון דער יוגנט האָבן אַ סך עולה געווען קיין ישראל און אַזוי אַרום אויסגעמיטן דעם ביטערן גורל פון זייערע ברידער און שוועסטער.

ביי דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט אַ ביבליאָ־טעק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ בן־עיר, אברהם יוסף שטיבל ז״ל. די ביבליאָטעק האָט געטראָגן דעם נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי, זיסל מלכה שטיבל. אין דער ביבליאָטעק האָבן זיך געפונען טויזנטער עקזעמפּלאַרן פון די בעסטע ווערק אין דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור. אַזוי אַרום איז די ביבליאָטעק געוואָרן דער הויפּט־פאַקטאָר פון אַלגעמיינער און נאַציאָנאַלער דער־ציונג ביי דער יידישער יוגנט אין זשאַרקי און געגעבן דעם אימפּולס פאַר איר נאַציאָנאַלער דערוואַכונג. די יידישע יוגנט האָט געלעבט מיט דער וויזיע פון הערצלס „יודענשטאַט״, פון פינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע״ און פון אַלע אַנדערע טעאָרעטיקער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

דער האַרבסט פון יאָר 1939 איז געווען איינער פון די שענסטע אין פּוילן. די זון האָט אומאויפהערלעך געשיינט. די סנאָפּעס הייסע שטראַלן האָבן זיך געגאָסן פון הימל און אָנגעגליט אַלץ אַרום. די באַוועגונג אין די גאַסן איז געווען אַ שוואַכע. יעדער איינער איז זיך געזעסן אין שאָטן פון זיין הייזל. דאָס מסחר איז אויך געווען שוואַך און אַלע האָבן געלעבט אין שפּאַנונג און אין דערוואַרטונג. אויף די שוועלן פון די קלייטן האָט מען געזען זיצן דרימלענדיק מענטשן: דאָס זענען געווען,

וואָס האָבן אומזיסט געוואַרט אויף עפּעס אַן אַרבעט. אַ רואיקע שטילקייט האָט זיך אײַסגעגאָסן איבער אַלץ און אַלעם.

איבערן שטעטל איז געהאָנגען אַ טיף־בלויער הימל און ווי מיט רחמנות גע־קוקט אויף די פרידלעכע מענטשן, וועלכע אַנען נאָך נישט די קאַטאַסטראָפע, וואָס רוקט זיך אָן. אין דער שטילקייט האָט מען געקאָנט אַרויספילן דעם גרויסן שטורעם, וואָס האַלט ביים אָנקומען. עפּעס אַ מאָדנע נערוועזיטעט האָט אַלעמען אַרומגענו־מען. די שפּאַנונג איז געוואַקסן צוזאַמען מיטן פּחד. מענטשן האָבן זיך געזאַמלט ביי די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט צו די באַריכטן, נייעסן און רעדעס פון די אייראָפּעישע מלוכה־לייט.

ענדלעך איז געקומען די גרויסע מלחמה־רעדע פון היטלער ימח שמו. די לעצטע ווערטער פון זיין רעדע וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן: ער האָט אָנגע־זאָגט קריג פוילן און דערמיט — גאַנץ אייראָפּע, וועלכע איז געשטאַנען גרייט־באַוואָפנט אויפצונעמען דעם קאַמף. אָבער אויך אונדז, די נישט־באַוואָפנטע יידן, האָט ער דערקלערט מלחמה. זיין רעדע האָט ער פאַרענדיקט מיט די ווערטער: דאָס מיטלאייראָפּעישע יידנטום מוז פאַרשווינדן!

אויב די דאַטע פון 1־טן סעפּטעמבער 1939 וועט פאַרבלייבן אין דער אַלגע־מיינער מענטשלעכער געשיכטע ווי אַ גרויס וועלט־געשעעניש — וועט אָבער אָט דער טאָג פאַרבלייבן אין אונדזער יידישן זכרון אויף אַלע אייביקייטן ווי אַ גרוי־זאַמער געשפּענסט, וואָס וועט מאַכן אויפציטערן יעדעס יידישע האַרץ.

אין אָנבליק פון אונדזער שרעקלעכן חורבן שטייען מיר געבראָכן איבער אונדזערע אייגענע קברים. מיר גלייבן נישט די אייגענע אויגן. מיר זענען נישט בכוח אויפצונעמען דעם גרויל פון חורבן און אומקום. מיר זענען ווי אונטער דער ווירקונג פון אַ נאַרקאָז — אָן געפילן. אפשר שפּעטער, פון אַ ווייטערער פּערספּעק־טיוו, וועט מעגלעך זיין צו זען די ווירקלעכקייט אין איר גאַנצער ברוטאַליטעט.

נאָך די שוידערלעכע געשעענישן האָבן מיר ערשט דערזען וויפל שולד מיר האָבן אין אונדזער אומגליק. מיר האָבן, ליידער, צו ווייניק געלערנט פון אונדזער אַלטער פאַרגאַנגענהייט און נאָך ווייניקער — פון דער לעצטער, פון דער תקופה 1933—1939. מיר האָבן נישט געזען דעם חורבן פון אונדזערע ברידער אין דייטש־לאַנד און אין עסטרייך; מיר האָבן נישט געזען זייערע איבערלעבענישן, זייער חורבן און אומגליק, כדי מיר זאָלן עפּעס לערנען פון דעם. דערפאַר זענען מיר געווען נישט פילבאַר לגבי דער גרייסער אימיטלבאַרער געפאַר מצד היטלער־דייטשלאַנד, וואָס האָט געגרייט אונדזער אַלעמענס חורבן און פאַרניכטונג.

ערשט שפּעטער האָבן מיר דערזען, וואָס פאַר אַ שוואַכן פּאָליטישן חוש מיר

האָבן פֿאַרמאָגט, ווי אָרעם ס'איז געווען אונדזער פּאָליטישע אָריענטאַציע. מיר זענען געווען פֿאַרזונקען אין הוהאַ פֿון טאָגטעגלעכן לעבן, אין כלערליי מסחרים און געשעפֿטן; מיר האָבן געדינט דעם עגל־הזהב און אַנדערע אָפּגעטער — מיר האָבן אָבער נישט געזען די ווירקלעכקייט און דעריבער אויך נישט פֿאָרויסגעזען אונדזער צוקונפֿט.

דער יידישער ישוב אין פּוילן איז געווען צעריסן און צעשפּליטערט. פֿאַרשיי־דענע אידעאָלאָגיעס און אָריענטאַציעס האָבן צעשפּאַלטן אונדזער געמיינזאַמקייט און אָפּגעשוואַכט אונדזער פּאָטענציאַל אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט. אָט די לאַגע אין יידישן לעבן האָט דערפֿירט צו דעם, אַז מען זאָל נישט דערזען די געפֿאַרן, וועלכע זענען געשטאַנען הינטער אונדזערע פּלייצעס. אין אַזאַ מצב האָבן מיר אויפֿגענומען דעם ערשטן האַרמאַטן־שאָס, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו אונדז פֿון דער נאָענטער פּויליש־דייטשישער גרענעץ — אַ ווייטער עכאָ פֿון דעם גרויסן שטורעם, וואָס האָט אונדז שפּעטער אָפּגעווישט פֿון דער אויבערפֿלאַך.

די געשעענישן האָבן נישט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. אַלץ איז געקומען בליץ־שנעל. די האַרמאַטן האָבן געשפּיגן מיט פֿייער און געמאַכט ציטערן די ערד. אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד און אַ מורא. לאַנגע קאַראַוואַנען פֿון וועגן, פֿערד, און מענטשן האָבן אין איילעניש זיך געצויגן איבערן שטעטל. דאָס זענען געווען אַנטלויפֿנדיקע פּויערים מיט די משפּחות, וועלכע האָבן פֿאַרלאָזן זייערע היימען און אַוועק אַליין נישט וויסנדיק וווהין. די דאָזיקע לאַנגע קאַראַוואַנען האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ שרעק־בילד. די וועגענער זענען געווען באַלאָדן מיט פֿאַר־שידענע שטוב־חפצים. מענער, פֿרויען און קינדער, צוזאַמען מיטן לעבעדיקן אינ־ווענטאַר, האָבן זיך נאָכגעשלעפּט פֿון הינטן. די קי, שעפּסן און ציגן האָבן געגלאָצט מיט איבערגעשראָקענע אויגן און יאָמערלעך געמעקעט.

דאָס איז געווען פֿרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939. אַ ציטערניש האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע שטעטל. מענטשן זענען צעטראָגענע געלאָפֿן פֿון איינעם צום צווייטן, ווי איינער וואָלט געזוכט הילף ביים אַנדערן. לויט אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דער מאַכט האָט מען געדאַרפֿט פֿאַרקלעפּן מיט פּאַפּיר די פֿענסטער אַלס שוץ קעגן די באָמבעס. אַלע האָבן דאָס געטאָן אין דער גרעסטער איילעניש. אָט דער פֿרייטיק פֿאַרנאַכט איז געווען ענלעך ווי פֿאַר כל נדרי: אַ געלויף, אַן איילעניש. אומעטום האָט מען געזען איילנדיק מענטשן מיט פּפּיר און קליי אויף צו מאַכן זיך די „פֿעסטונגען".

דאָס שלעפּן זיך פֿון די קאַראַוואַנען האָט נישט אויפֿגעהערט, און ווען די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און די זון האָט איבערגעלאָזט אויף מערב אַ לאַנגן פֿייערדיקן

פֿאַס — איז די אימה געוואָרן נאָך גרעסער. די האַרמאַטן האָבן כסדר געהילכט. עס האָבן געדינערט די דעטאָנאַציעס און דאָס פּייפֿן פֿון די קוילן האָט געשניטן די לופֿט. דאָס שטעטל איז די נאַכט שוין נישט געשלאָפֿן. מענטשן זענען געשטאַנען ביי די פֿענצטער, געקוקט אין דער טונקעלער נאַכט און צוגעהערט זיך צום מאָנאָטאָנעם ריטם פֿון די ציענדיקע קאַראַוואַנען, וועלכע האָבן אויסגעזען אין דער נאַכט ווי געשפּענסטער.

אַזוי איז די נאַכט אַדורך אין דערוואַרטונג אויף עפּעס אויסערגעוויינלעכס. עס האָט זיך אָנגעהויבן די דעמערונג. אויף מזרח האָט זיך באַוויזן אַ גאָלדענער קנויל, וואָס איז שנעל אייסגעוואַקסן און אַרויסגעוואָרפֿן לאַנגע פֿייער־ריטער. די זון האָט באַלויכטן דאָס טרויעריקע שטעטל. אויף דער נשמה איז געווען אַזוי שווער, אין האַרצן — אַזוי טריב, און די זון האָט גערייצט מיט איר שיין, ווי זי וואָלט געזאָגט: „זעט, ווי שיין איך בין, זעט ווי ליכטיק ס׳איז די וועלט”. אויך די פֿייגעלעך האָבן אין דעם פֿרימאָרגן געזונגען אַזוי טרויעריק, ווי זיי וואָלטן באַוויינט דעם ביטערן גורל פֿון אונדזער אומגליקלעך שטעטל.

די באַוועגונג אין די גאַסן איז געוואָרן לעבהאַפֿטיקער. איינער האָט געקוקט אויפֿן צווייטן מיט פֿרעגנדיקע בליקן: וואָס הערט זיך? גאָר גיך האָט מען זיך דערוווסט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער האַלט נישט אויס דעם דרוק פֿון דער דייטשישער אָפֿענסיווע און רוקט זיך שנעל צוריק. שוין אַרום 11 אַזייגער, שבת דעם 2־טן סעפּטעמבער, האָבן אין שטעטל זיך באַוויזן די ערשטע פּוילישע פֿראָנטזעלנער, וועלכע זענען מידע און איבערגעשראָקענע געלאָפֿן אָן אַ סדר. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין אַזאַ צושטאַנד האָבן זיי נישט פֿאַרגעסן צו פּלינדערן יידישע קראָמען.

דאָס צוריקלויפֿנדיקע מיליטער האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט די פּאַניק. אויך מונדירטע פּאָליציאַנטן זענען אין גרויסע גרופּן געלאָפֿן אַלץ ווייטער און ווייטער. די נערוועזיטעט און שפּאַנונג איז געוואַקסן, דער ווילן צו לויפֿן האָט באַהערשט אַלעמען. מ׳האָט גענומען פּאַקן די חפצים. דער פּסיכאָז פֿון לויפֿן האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע שטעטל.

אין דער זעלבער צייט זענען אָנגעלאָפֿן דייטשישע עראָפּלאַנען. מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט דעטאָנאַציעס פֿון איפּרייסנדיקע באָמבעס. אַלץ אַרום איז שוואַרץ געוואָרן פֿון קנוילן רויך און שטויב פֿון די איינגעפֿאַלענע הייזער. בלויז עטלעכע מינוטן האָט געדויערט די באָמבאַרדירונג — און אַ טייל פֿון שטעטל איז געלעגן אין חורבֿית. עס איז אויסגעבראָכן אַן אומגעהייערע שרעק און פּאַניק. מענטשן זענען געלאָפֿן ווי ווּאַנזיניקע, אַליין נישט וויסנדיק וווהין.

ווען כ׳בין אַרויס אין גאַס האָבן מיינע אויגן דערזען אַ מוראַדיק בילד. אומעטום האָבן אַרויסגעשטאַרצט די קוימענס פון די איינגעפאַלענע בנינים. סנאָפּעס רויך האָבן זיך געטראָגן פון ברענענדיקע הייזער. די גאַסן זענען פול געווען מיט גלאָז פון צעשמעטערטע שויבן. אויפן בריק האָבן זיך געוואַלגערט מענטשן־מתים, געפאַלענע פערד און קי, איבערגעקערטע וועגענער. אינטער די איינגעפאַלענע בנינים זענען פאַרשאָטן געוואָרן צענדליקער מענטשן. דער קורצער וויזיט פון דער דייטשישער אַוויאַציע האָט גורם געווען דעם טויט פון קרוב 200 פּערזאָן.

אַרומגענומען פון אַ מורא׳דיקער פּאַניק האָט דאָס שטעטל אָנגעהויבן לויפן. די מענטשן זענען געלאָפן אָן אַ באַשטימטן ציל. אין דער בהלה האָבן מענטשן פאַרגעסן זייערע נאָענטסטע. מערסטנס איז מען געלאָפן אין דער ריכטונג פון שטעטל לעלווו.

דאָס בהלהדיקע לויפן האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ טרויעריק בילד. צעשראָקענע מענער, פרויען און קינדער זענען געלאָפן אָן אַ ציל. מידע פון לויפן און פון הונגער האָבן אַ סך אַוועקגעוואָרפן דאָס ביסל חפצים, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען. אַנדערע האָבן זיך פאַרהאַלטן אין דערפער ביז די דייטשישע מערדער זענען אויך אַהין אָנגעקומען.

אויף די וועגן האָט מען געזען זיך וואַלגערן ביקסן, רעוואָלווערן און מאַשינגעווערן, וועלכע זענען איבערגעלאָזן געוואָרן פון פוילישן מיליטער. מאָטאָציקלען, אויטאָמאָבילן און טענדערס האָבן פאַרלייגט דעם שאָסיי. אויך מלבושים, סחורות, וואַליזעס, געלט און טייערע חפצים האָבן זיך געוואלגערט אויפן וועג.

נאָך אַ טאָג־צוויי האָבן אַלע איינגעזען, אַז דאָס לויפן האָט נישט קיין זין: די מאָטאָריזירטע דייטשישע אַרמיי האָט אַלעמען דעריאָגט. אַ טייל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך נישט אומגעקערט. איר איז געלונגען צו אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון מזרח — אויף די געביטן, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי.

מיין פאַמיליע האָט נישט ווייט געוואַנדערט און מאָנטיק, דעם 4־טן סעפּטעמבער האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין זשאַרקי. מיר זענען לאַנג געגאַנגען צוריק, דורך פעלדער און וועלדער, יעדער איינער מיט אַ ציטער אין האַרצן, מיט טרויעריקע מחשבות. פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען די גלאַנצנדיקע העלמען, די מונדירן און די אומצאָליקע מאָטאָציקלען, אויטאָס און טאַנקען, וועלכע האָבן געצויגן אין אַלע זייטן.

באַלד נאָכן אָנקומען אין שטאָט זענען מיר פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ דיי־

טשישער וואַך. מען האָט אונדז רעווידירט, געזוכט ביי אונדז געווער. נאָכן פריי־לאָזן אונדז זענען מיר געלאָפן אין די היימען.

שוין זייענדיק אין שטוב האָבן מיר דערהערט אַ העפטיקע שיסעריי און דייטשישע אויסגעשרייען: „אַללע ראַוס! אַללע ראַיס!" די צעווילדעוועטע דייטשישע זעלנער האָבן געשאָסן אין אַלע זייטן. זיי האָבן צוזאַמענגעטריבן מענטשן, געיאָגט זיי אין פאַרזאַמלט אין קאָשטשאָל. דאָרט האָט מען באַפוילן אַלעמען צו שטיין מיט די פנימער צו דער וואַנט און מיט די הענט אין דער הייך. אויב עמיצער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן אין אַראָפּגעלאָזט אַ האַנט, האָט ער באַקומען קלעפּ ביז בלוט. געווען אויך פאַלן פון דערשיסן. אַזוי האָבן די פאַרזאַמלטע פאַרבראַכט אין טויט־שרעק ביז 6 אָוונט. דאַן איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל: אַלע זאָלן לויפן אַהיים. ווען מען וועט טרעפן אין גאַס נאָך 5 מינוט — וועט ווערן דערשאָסן. דער בלוטיקער מאָנטיק פון 4־טן סעפּטעמבער אין זשאַרקי האָט געקאָסט צענד־ליקער קרבנות.

דער בלוטיקער מאָנטיק האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ שרעקלעכן פחד. יעדער איז געבליבן אין דער היים. מענער האָבן בכלל נישט באַוויזן זיך אין גאַס. אין די נעכט האָט מען זיך נישט אויסגעטאָן צום שלאָפן. אַלע איינוווינער פון אונדזער הויז זענען געווען פאַרזאַמלט און צוזאַמען פאַרברענגט די נעכט. געשלאָפן איז מען אויפן דיל צוליב מאַנגל אין פּלאַץ. יעדער שאָרך פון דרויסן האָט געמאַכט אויפציטערן. אַלע ווייל האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען קומט אונדז נעמען.

אַזוי האָבן זיך געצויגן שלאָפלאָזע נעכט און טעג פון גרויל, שרעק און פּיין. מיר זענען געזעסן אין די שטובן, נישט וואַגנדיק אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ. אין דרויסן איז געווען די שיינע וועלט. די זון האָט געשיינט. די רייפגעוואָרענע פרוכטן האָבן פאַרשפּרייט זייערע שמעקעדיקע ריחות. אויף דער וועלט איז געווען שיין און ליכטיק, אָבער פאַר אונדז האָבן זיך אָנגעהויבן פינצטערע טעג פון פחד און ליידן.

אין שטאָט איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ מיליטערישע מאַכט, וועלכע האָט אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט דער באַפעלקערונג. דער פאָרשטייער פון די יידן איז געווען י א ָ ס ל  ז ש ע ל אָ נ ק א.

די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז מענער פון 16 יאָר אין ווייטער זאָלן זיך צונויפזאַמלען אויפן מאַרק־פּלאַץ. ווער עס וועט פאַרבלייבן אין שטוב וועט ווערן דערשאָסן. כמעט אַלע מענער האָבן זיך געשטעלט אויפן רוף.

ווען מיר זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אין אויסגעשטעלט אין רייען, זענען אָנגעקומען היכראַנגיקע מיליטערלייט אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליאַק מיטן

נאָמען קאָוואַליק, וואָס איז תיכף געוואָרן בירגערמייסטער אין אונדזער שטעטל.

דאָס איז געווען אַ פון פריער צוגעגרייטער פּאָליאַק, וועלכער איז נאָך פאַר דער מלחמה געווען אַ שפּיאָן ביי די דייטשן, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט פאַר־נומען אַ הויכן פּאָסטן ביי דער פּוילישער מאַכט.

אַזעלכע פאַקטן האָבן געוויזן די גרויסע דעמאָראַליזאַציע ביי די פּאָליאַקן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען טויזנטער מוסרים, דענונציאַנטן, שפּיאָנען און פאַרעטער. דאָס האָט עדות געזאָגט וועגן דער צעפּוילטקייט פון גרויסע שיכטן, וואָס פריער האָבן זיי געפירט אַ קאַמף קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און איצט זענען זיי גרייט געווען צו פאַרקויפן אַלע נאַציאָנאַלע אינטערעסן צו אַ פרעמדער מאַכט, וועלכע איז געקומען באַרויבן פּוילן פון איר זעלבשטענדיקייט. ווי פון אונטער דער ערד זענען אויסגעוואַקסן טויזנטער פּאָליאַקן, וועלכע האָבן פאַרנומען פאַראַנט־וואָרטלעכע פּאָסטנס ביי דער דייטשישער מאַכט.

די מיליטערלייט האָבן געהאַלטן פאַר די פאַרזאַמלטע קורצע רעדעס, אין דער פאָרם, להבדיל, פון די עשרת הדברות. מען האָט אונדז, ראשית, געזאָגט, ווער מיר זענען: איר זענט די גרעסטע שונאים פון דייטשישן פאָלק און דערפאַר וועט מען מיט אייך מאַכן אַ חשבון. אונדזער פאַרמעגן ווערן אַנטאייגנט, עס געהער מער נישט צו אונדז. אַ יידן איז נישט דערלויבט צו קויפן ביי אַ פּאָליאַק. יעדעס יידישע הויז מוז אָפּגעצייכנט ווערן מיט איילפאַרב: „יודע", „זשיד" — אין דייטש און אין פּויליש.

נאָך דעם קורצן רעפעראַט, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף פּויליש דורכן אויבנדערמאָנטן קאָוואַליק, האָט מען אונדז אַלעמען אַריינגעפירט אין קאָשטשאָל. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר דאָרט פאַרבליבן אין שאָטן פון טויט. אויף די מויערן פון קאָשטשאָל זענען איינגעשטעלט געוואָרן קעגן אונדז מאַשינגעווערן. פון אַלע זייטן זענען מיר געווען אַרומגערינגלט מיט מיליטער. פון יעדנס ברוסט האָבן זיך געהערט טיפע זיפצן און די מיילער האָבן געשעפּטשעט „שמע ישראל".

די זון האָט שוין אָנגעהויבן פאַרגיין. אירע לעצטע שטראַלן האָבן געגלעט די הויכע קירכע־שפּיצן. באַלד איז צוגעפאַלן די נאַכט — אַ שטילע, אַ רויקע און טרויעריקע, אַזוי טרויעריק ווי אונדזער מצב.

ענדלעך איז געקומען אַן ענדערונג אין אונדזער לאַגע. מען האָט אונדז אַוועק־געפירט אין דער גרויסער שול און דאָרט אינטערנירט אונטער אַ שטרענגער מי־ליטערישער וואַך. די שול איז געווען רואינירט. די שויבן זענען געווען אויסגע־האַקט, די שטענדערס און בענק — צעבראָכן. דאָ אין שול האָבן מיר באַקומען אַ ביסל שטרוי, ווי פאַר בהמות. דערנידעריקטע און באַליידיקטע, צעשראָקענע און

מידע פון די שווערע איבערלעבונגען, האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט אויפן שטרוי מיט שווערע אומעטיקע געדאַנקען.

די נאַכט איז אַדורך אין שלאָפלאָזיקייט, מיט אויסטערלישע קאָשמאַרן, און ווידער איז געקומען אַ לויטערער און פרישער פרימאָרגן. די זון האָט זיך אַריינגעגליטשט דורך די מיט ברעטער פאַרקלאַפּטע פענסטער.

דאָס זענען שוין געווען די סליחות־טעג. אַ סך פון די פאַרזאַמלטע האָבן געדאַוונט און געזאָגט סליחות. זייערע האַרצרייסנדיקע תפילות האָבן אָנגעוואָרפן נאָך אַ גרעסערן אומעט. אַ טיפע מעלאַנכאָליע האָט באַהערשט אַלע פאַרזאַמלטע. די מתפללים האָבן געדאַוונט און געזאָגט סליחות מיטן גרעסטן עקסטאַז, גלייבנדיק, אַז זייערע תפילות וועלן אָנגענומען ווערן.

איך האָב זיי מקנא געווען און טויזנטער מחשבות זענען אַדורך מיין מוח. כ׳האָב געזען די אומענדלעך־לאַנגע קייט פון אונדזער ביטערן גלות; כ׳האָב געזען די אַלע פאַרברענטע און געשענדטע. אין דעם טרויעריקן סליחות־ניגון האָב איך געהערט דעם עכאָ פון די אַלע קרעכצן, וואָס טראָגן זיך צו אונדז איבער די קעפּ פון צענדליקער דורות. פאַרעלטערטע טרערן, פאַרשפּעטיקטע קרעכצן, וואָס קיינער פאַרנעמט זיי נישט מער. צו־אַלט איז שוין דער טרויעריקער ניגון, צו־פיל לייד און נויט שוין איבערגעלעבט — און ביז היינט איז נישט געלינדערט אונדזער ווייטיק.

דאָס אַלץ האָט אַזוי וויי געטאָן. איך האָב געוווּסט, אַז קיינער פאַרנעמט נישט אונדזערע טרערן, קיינער הערט נישט אונדזערע קרעכצן...

אַרום 8 אַזייגער אין דער פרי האָט מען דערלויבט, אַז פרויען זאָלן אונדז ברענגען עסן. מיר האָבן נישט געפילט קיין טעם אין די מאכלים, אָבער ווי הונגעריקע הינט האָבן מיר עס געשלונגען צוזאַמען מיט טרערן. דער שונא האָט געוואָלט אונדז דערנידעריקן, פאַרוואַנדלען אונדז אין חיות, אַוועקנעמען ביי אונדז יעדע מענטשלעכע ווירדע.

מיר האָבן כסדר געלעבט אין טויט־שרעק, נישט וויסנדיק וואָס מען וועט מיט אונדז טאָן. דער בלוטיקער מאָנטיק איז אונדז אַלעמען געשטאַנען פאַר די אויגן. מען האָט געשמועסט, אַז מ׳וועט אונדז אַוועקשיקן אין יעדעס מאָל ווען מיר האָבן דערהערט אַ גערויש פון אויטאָמאָבילן האָבן מיר אויפגעציטערט, געמיינט, אַז מ׳איז אונדז שוין געקומען נעמען. פאַקטיש זענען אין יענער צייט אַוועקגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערס, ווו זיי זענען אַדורך אַ שרעקלעכן גיהנום פון פיין און נויט, ווו טויזנטער זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער, קעלט און עפּידעמישע קראַנקהייטן. אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען אין שול אַ דייטשישער מיליטערמאַן אין דער באַגלייטונג פון יידן־פאַרשטייער יוסף זשע־

לאַנקא און מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויסלאָזן פאַרשידענע פאַכלייט. די געבליבענע האָט מען איינגעטיילט אין גרופּן און אונטער אַ מיליטערישער שמירה געפירט זיי אויף אַרבעט — אָפּצורוימען די חורבות פון די איינגעפאַלענע הייזער בעת דער באָמבאַרדירונג.

דעם 23־טן סעפּטעמבער איז אויסגעפאַלן יום כיפור. אין דעם טאָג איז אָנגעקומען אַ ספּעציעלע מיליטער־פאָרמאַציע, אַ מין שטראָף־עקספּעדיציע. מען האָט אונדז אויסגעקליבן אַ הונדערט יידן, איינגעשטעלט אין רייען אויפן מאַרק־פּלאַץ און יעדן איינעם פון אונדז געגעבן אַ לאָפּעטע. מען האָט באַפוילן צו נעמען די לאָפּעטעס אויף די אַקסלען און מאַרשירן אין גלייכע רייען, צו פיר אין אַ שורה. דער באַגלייטער האָט אונדז געהייסן זינגען. ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט פאַרגרעסערן אונדזער באַליידיקונג און דערנידערונג. צום דאָזיקן מאַרש האָבן זיך צוגעקוקט די פּאָליאַקן. זיי האָבן געלאַכט און אָנגעקוואָלן פון די מאָשקעס, וואָס ווערן געטריבן צו דער אַרבעט.

געפירט האָט מען אונדז אין דער ריכטונג פון דער קאָזשעגלאָווער גאַס און דאָרט האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין די ראָוון ביים שאָסיי און באַפוילן אַרויסצושלעפּן די אָנגעזאַמלטע בלאָטע און מיסט. ביי יעדן פון אונדז זענען געשטאַנען צוויי זעלנער מיט ביקסן און אונטערגעטריבן צו אַרבעטן שרייענדיק: „שנעלער, שנעלער, פוילענצער!״ מיר האָבן אַזוי געאַרבעט מיט אַלע קרעפטן און נישט געקאָנט אָפּרוען קיין איין מאָמענט, ווייל באַלד האָט מען באַקומען קלעפּ פון אַלע זייטן מיט די ביקסן־קאָלבעס. ווען ס׳איז שוין געווען 12 אַזייגער זענען מיר געווען דערשעפּט ביז חלשות. מיר האָבן געהאָפט, אַז איצט וועט קומען די מיטאָג־שעה און מיר וועלן האָבן אַ מעגלעכקייט אַ ביסל זיך אָפּצורוען. ווי אַנטוישט זענען מיר אָבער געוואָרן, ווען די וואַכן האָבן זיך געביטן. די ערשטע זענען אַוועק אויף מיטאָג און אַנדערע רוצחים האָבן זיי פאַרטרעטן מיט אַ נאָך גרעסערער אכזריות.

אין דער נאָענט פון מיר האָט אויך געאַרבעט מאָריץ טאָרבעצקאָ, אַ קרעפטיקער און שטאַרקער בחור. די צוויי דייטשן האָבן אים ספּעציעל געוואָלט פּייניקן און באַפוילן אים, אַז ער זאָל לויפן מיטן שופל איבערן שאָסיי אַהין און צוריק. בעתן לויפן האָבן די בײדע זעלנער געשטופּט אים מיט די ביקסן־קאָלבעס און אָן אויפהער געשריגן: „שנעלער! שנעלער!״

אויך שלמה גרינוואַלד, אַ הויכער שלאַנקער בחור האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די סאַדיסטן. איבערן שאָסיי איז געלעגן אַ בריקל. צווישן בריקל און דעם באָדן איז געווען זייער ווייניק שטח. די דייטשן האָבן אים אַרונטערגעטריבן אַהין, אַז ער זאָל פון דאָרט אַרויסנעמען די זומפּיקע בלאָטע. ווען גרינוואַלד האָט

שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, איז ער אַרויס אַ ווילדער, צעקנעפּלט דאָס העמד, אַנטבלויזט די ברוסט און וואַנזיניק געשריגן: „דערשיסט מיך! דערשיסט מיך!" אָבער נאָך אַ האָגל פֿון קלעפּ איז ער ווידער אַרונטערגעשטויסן געוואָרן אונטערן בריקל, ווו ער האָט געקאָנט בלייבן בלויז אין אַ ליגנדיקער פּאָזיציע.

שטייענדיק אַזוי אין ראָוו מיט די פֿיס אין זומפּ ביז איבער די קנאַכל, האָב איך געפּרוווט פֿאַרבעסערן מיין פּאָזיציע. אין דעם מאָמענט זענען אויף מיר געפֿאַלן קלעפּ פֿון אַלע זייטן און אַ דערשעפּטער בין איך געפֿאַלן צו דער ערד.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר געאַרבעט דעם יום־כּיפּור־טאָג, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. ערשט ווען די נאַכט איז צוגעפֿאַלן האָבן די דייטשן אונדז באַפֿוילן צו לויפֿן צו אונדזערע נאַרעס. טראָץ דעם וואָס מיר זענען געבליבן אָן כּוחות, זענען מיר געלאָפֿן, געטריבענע פֿון שרעק און פֿון דער שיסעריי פֿון הינטן. דאָס האָבן די מערדער געוואָלט נאָך אַ שפּיל טאָן זיך מיט אונדזערע נערוון.

ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן, איז אויך אין זשאַרקי געשאַפֿן געוואָרן אַן אַזויגערופֿענער יודענראַט. אַלס פֿאָרזיצער איז באַשטימט געוואָרן ישראל באָרענשטיין ע״ה, אַ געוועזענער ציוניסטישער עסקן.

אין אַלגעמיין איז אָנגענומען, אַז אומעטום האָבן די יודענראַטן געשפּילט אַ נעגאַטיווע ראָל אין יידישן לעבן בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, שוין דערמיט אַליין, וואָס זי קאָאָפּערירט מיט די נאַצישע מערדער און ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק האָבן זיי אויסגעפֿירט די היטלעריסטישע באַפֿעלן. מען מוז אָבער פֿעסט־שטעלן, אַז ס'זענען געווען בולטע אונטערשידן צווישן די פֿאָרזיצערס פֿון די יודענ־ראַטן אין די פֿאַרשידענע ערטער.

אויב מען וויל געבן אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג וועגן ישראל באָרענשטיין, מוז מען אָנערקענען, אַז זיינע מעשׂים אין דער צייט וואָס ער איז געווען „יודען־עלטעסטער" האָבן באַוויזן, אַז זיין דערציונג אין ציוניסטישן גייסט האָט אים געהאָלפֿן זיך צו האַלטן אויף אַ געוויסער מאָראַלישער הייך אין משך פֿון אַ לענ־גערער צייט. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך מסירת־נפֿש ביים ראַטעווען אַ יידיש לעבן. געוויס, ווען ס'איז געקומען די צייט פֿון די שווערסטע נסיונות, ווען דאָס יידישע לעבן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער הפֿקר — איז אויך זיין שטעלונג געוואָרן אַן אַנדערע. ווי עס האָט זיך געפֿירט אין גאַנץ פּוילן און אויך אין אַנדערע אייראָפּעישע לענדער אונטער דער נאַצישער הערשאַפֿט — אַז די „יודען־עלטעס־טע" האָבן קודם כּל געזאָרגט פֿאַר זיך, פֿאַר די קרובֿים און נאָענטסטע פֿריינד — אַזוי איז עס אייך געווען מיט ישראל באָרענשטיין.

מען מוז פעסטשטעלן דעם פאַקט, אַז קיין יידישער פּאָליציאַנט אין זשאַרקי האָט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן זיין האַנט קעגן אַ צווייטן ייד. און דאָס — בלויז דערפאַר, ווייל ישראל באָרענשטיין איז געווען זייער פירער און באַפעלער. זיינע כסדרדיקע אינטערווענצן האָבן מייסטנס געבראַכט גוטע רעזולטאַטן פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג און נישט זעלטן זענען געווען פאַלן, ווען ער האָט ממש אָפּגעראַטעוועט פאַרמשפטע יידן פון אַ זיכערן טויט.

אין „עלטעסטן־ראַט" זענען געווען פאַרטראָטן פאָרשטייער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער הויפט־רעסאָרט פון „עלטעסטן־ראַט" איז געווען דער אַרבעטס־רעסאָרט. אין אַרבעטס־רעסאָרט האָט לכתחילה מיטגעאַרבעט משה ראָטשטיין, אַ לאַנגיאָריקער מיטגליד פון השומר הצעיר. דער קאָמיטעט האָט געשאַפן אַ געלט־פאָנד אויף צו שטיצן די אָרעמע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

בעיקר האָבן זיך גענייטיקט אין הילף יענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועמענס פאַמיליע־פאָטערס עס זענען געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן ביי צוואַנגס־אַרבעט אָן יעדער באַלוינונג. דער שניידער, שוסטער אָדער סטאָליער, אַנשטאָט צו זיצן ביי זיין אַרבעט און פאַרדינען אויף פרנסה, האָט ער געמוזט נעמען דעם קילאָף אָדער די לאָפּעטע און גיין צו דער צוואַנגס־אַרבעט, פאַר וועלכער קיינער האָט אים נישט באַצאָלט. דער קאָמיטעט האָט געמוזט שאַפן די נייטיקע געלט־מיטלען דערויף צווישן די פאַרמעגלעכע יידן אין שטאָט.

אַ באַזונדערע פּלאָג איז געווען די אָפטע קאָנטריבוציעס, וואָס מ'האָט אַרויפ־געלייגט אויף דער יידישער באַפעלקערונג. במשך פון אַ קליינעם צייט־אָפּשניט זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן עטלעכע קאָנטריבוציעס. צווישן זיי — איינע אין דער הייך פון צוואַנציק טויזנט זלאָטעס. אַ סך געלט האָט דער קאָמיטעט געמוזט האָבן פאַר אומאָפיציעלע הוצאות: שוחד פאַר די מאַכט־אָרגאַנען, פון וועלכע ס'איז אָפּ־געהאַנגען געווען דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אָפיציעל איז דער „עלטעסטע־ראַט" אין זשאַרקי געשאַפן געוואָרן ערשט דעם 30־טן אַפּריל 1940. אַדאַנק דעם, וואָס די מאַכט אין זשאַרקי איז געווען קאָרומ־פירט, איז דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג דאָרט געווען פיל לייכטער איידער אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך. זעקס חדשים זענען פאַרהעלטניסמעסיק רואיק אַדורך ביי אונדז אין שטעטל, אָבער צו אונדז זענען דערגאַנגען די טרויע־ריקע ידיעות וועגן לעבן פון אונדזערע ברידער אין אַנדערע שטעט. טייכן יידיש בלוט און טרערן האָט זיך געגאָסן איבער גאַנץ פּוילן. צענדליקער טויזנטער יידן האָבן צו יענער צייט שוין געפייניקט זיך אין פאַרשידענע לאַגערס.

מיראַדיק זענען די ידיעות, וואָס דערגייען צו אינדז. ווען מען פאַרטראַכט איבער די ווילדע מעשים פון די נאַצישע מערדער ווערט געגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. דאָס האַרץ פּלאַצט פון פאַרדרוס, די פויסטן ביילן זיך, דער מוח הערט אויף טראַכטן און בלויז איין פאַרלאַנג נעמט אַרום דעם מענטשן: נ ק מ ה.

אינדזער גאַנצע צוויי טויזנט יאָריקע גלות־געשיכטע, וואָס איר יעדעס בלעטל איז פול מיט גרויל און שרעק, בלוט און טרערן, ווערט בלאַס קעגן דעם וואָס עס געשעט איצט. די וועלט־געשיכטע ווייסט צו דערציילן פון בלוטיקע הערשער, גרויזאַמע צעזאַרן, רוימישע אימפּעראַטאָרן, טאָרקוועמאַדאַס, ווילדע הונען. אָבער דאָס וואָס עס קומט פאָר איצט, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, שטייגט איבער מיט זיין אכזריות אַלץ וואָס איז געשען אַמאָל.

דאָס לעבן אין אונדזער שטעטל איז אַוועק אויף אַנדערע וועגן. פריער האָט זשאַרקי אָנגעהערט צום זאַוויערטשער קרייז, וועמענס מאַכטהאָבער האָבן זיך נישט צופיל געמישט אין די לעבנס־ענינים פון שטעטל. אַלע פונקציעס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די הענט פון בירגערמייסטער קאָוואַליק. ער איז געווען דער איינציקער הערשער און ער איז אויך געווען דער באַלעבאָס איבערן גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די פּערזאָן פון אָט דעם קאָוואַליק האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם געמיינסטן טיפּ מענטש. ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט מיט אַ שמוציקן כאַראַקטער, פאַלש און נידערטרעכטיק. דערביי האָט ער געהאַט אַ גרויסן געלט־גייץ און פאַרשידענע נידעריקע תאוות. מיט אַזאַ פאַרשוין האָט געמוזט שטיין אין קאָנטאַקט דער יודענראַט, נאָכקומען אַלע זיינע פאַרלאַנגען און צוריקהאַלטן אים פון די געמיינע שיקאַנעס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

די לאַגע האָט זיך געביטן ווען אונדזער שטעטל איז צוגעטיילט געוואָרן צום קרייז ראַדאָמסקאָ. זאַוויערטשע האָט געהערט צום רייך, ראַדאָמסקאָ דאַקעגן — צום גענעראַלגוווערנאַמענט. די קרייזהויפּטמאַנשאַפט פון ראַדאָמסקאָ איז געווען זייער יידנפיינטלעך געשטימט. באַלד האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פרישע גזירות און באַגרענעצונגען פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. צווישן אַנדערע פאַרשידענע גזירות איז אויך געקומען אַ באַפעל צוצונעמען ביי יידן אַלע געוועלבער. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ. דער יודענראַט האָט מיט אַלע מיטלען זיך געוועהרט קעגן דער גזירה און מיט גרויסע געלט־סומעס פאַר די מאַכטהאָבער אין ראַדאָמסקאָ איז געלונגען צו פועלן, אַז די אָרעמע קלייט־באַזיצער זאָלן ווייטער בלייבן ביי זייער שטיקל פּרנסה.

קוים פטור געוואָרן פון איין צרה, איז באַלד געקומען אַ צווייטע. אין שטעטל איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ מונדירטע זעלבסטשוץ פון פאָלקס־דייטשן און פאַליאַקן. דאָס איז געווען אַ זייער נידעריקער און גראָבער עלעמענט, וואָס האָט אויסגענוצט די מאַכט אין אַן אומבאַגרענעצטער מאָס. אין שטעטל איז געוואָרן חושך. ס׳איז אומעגלעך געווען אַדורכצוגיין די גאַס. וועמען זיי האָבן נאָר אָנבאַגעגנט, האָבן זיי געשלאָגן מכות רצח. די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. און ווידער האָט דער יודענראַט אָנגעווענדט אַלע תחבולות כדי פטור צו ווערן פון דער פלאָג. ווידער האָט געהאָלפן דאָס אַלטע מיטל: כסף יענה את הכל — די באַנדע רוצחים איז אַוועקגענומען געוואָרן פון שטעטל.

אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1940 ווערט איינגעשטעלט אין זשאַרקי אַ סטאַבילער זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן אין באַשטאַנד פון 22 פערזאָן. די לאַגע אין שטעטל ווערט ערנסטער, דאָס לעבן אויף אַלע געביטן ווערט פיל שווערער. די פרישע היטער פון געזעץ קוקן אַריין אין אַלע ווינקעלעך. דערצו קומט נאָך צו די פלאָג פון מוסרים, וועלכע טראָגן אַלץ צו דער מאַכט. רעוויזיעס און קאָנפיסקאַטעס פון יידיש פאַרמעגן ווערט אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג.

אַ ספּעציעל קאַפּיטל אין דעם ענין פאַרנעמט די קצבים־בראַנזשע. די מענטשן פון דעם פאַך האָבן צום מיינסטן געליטן. די יידישע שחיטה איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. פאַר עובר זיין אויפן פאַרבאָט האָט געדראָט טויט־שטראָף. אויף וויפל האַרב ס׳איז געווען דער פאַרבאָט, איז צו זען פון פאָלגנדיקן פאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק. דאָרט האָט מען איינגעאָרדנט אַ מאַסן־הריגה: מען האָט צונויפגענומען אַלע קצבים און שוחטים — עטלעכע און דרייסיק פערזאָן — און זיי אַלעמען דערשאָסן.

אויך אונדזער שטעטל האָט אַ סך געליטן פון דעם שחיטה־פאַרבאָט, אָבער פאַרהעלטנישמעסיק ווייניקער פון אַנדערע שטעטלעך. איין קצב, קורצפעלד, אַ יונגערמאַן פון עטלעכע דרייסיק יאָר איז דערשאָסן געוואָרן.

אין דער אַרבעטס־אָפּטיילונג ביים יודענראַט איז געווען טעטיק ק ל מ ן ק אַ ל ק אָ פ. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו אין פּראָבלעם פון צוואַנגס־אַרבעט. אַדאַנק זיינע באַמיונגען איז בלויז אַ קליינער טייל פון דער יוגנט געשיקט געוואָרן צו צוואַנגס־אַרבעט אין די לאַגערס.

די אַלע גזירות און באַגרענעצונגען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג האָבן דערפירט צו אַ מוראַדיקער פויפעריזאַציע. ביי אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג איז געווען גרויס די נויט. דער יודענראַט האָט געשאַפן אַ פאָלקסקיך און אַרויסגעגעבן מיטאָגן פאַר די אָרעמע יידן. מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן די צאָל

פון הונגעריקע און באַדערפטיקע. לכתחילה האָבן אַ סך זיך צוריקגעהאַלטן פון קומען אין קיך נאָך אַ מיטאָג. אָבער די נויט האָט זיי געצווינגען מוותר צו זיין אויף אַלע אַמביציעס, פאַרגעסן וועגן חרפה און בושה צו געניסן פון די אומזיסטע מיטאָגן.

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג און וואָכן.

אויף דער וועלט גיסט זיך בלוט ווי וואַסער. באַזונדערס — יידיש בלוט. דער זומער גייט אַוועק און עס קומט דער האַרבסט. די נאַטור טוט דאָס איריקע. באַלד קומט אָן אַ האַרבער און שנייאיקער ווינטער. די נאַטור האָט ווי מיטגעהאָלפן צו פאַרשווערן אונדזער לעבן. די שנייען אין יענער צייט זענען געווען אויסערגעוויינלעכע.

זשאַרקי האָט געהערט צו אַ סטראַטעגישן פונקט. אַלע שאָסייען און וועגן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט וויכטיקע אַרטעריעס פאַר דער היטלערישער אָקופּאַציע־מאַכט. דערפאַר האָבן די שאָסייען געמוזט זיין שטענדיק ריין. יעדן פרימאָרגן האָט מען אַלעמען אַרויסגעטריבן צום רייניקן דעם שניי פון די וועגן. אָפטמאָל האָט מען אויך ביינאַכט גענומען צום רייניקן די וועגן.

עס גייט שוין דער צווייטער מלחמה־ווינטער. שוין צום צווייטן מאָל ציט די פאַרבלוטיקטע ערד אַרויף אויף זיך איר ווייס ווינטער־קלייד. עס איז טיפער ווינטער, פעברואַר, 1941. דער הימל איז טריב. שווערע וואָלקנס באַדעקן זיין אויבערפלאַך און וואַרפן אָן אַ טרויער און אומעט אויף אַלעמען.

מיר נעמען אָפּ אַ ידיעה, אַז עס קומען אָן אַרויסגעטריבענע יידן פון פלאָצק. זיי דאַרפן איינקוואַרטירט ווערן ביי אונדז אין שטעטל. אויף אַ טעלעפאָנישער ידיעה פון דער קרייזמאַנשאַפט פאָרט אַרויס דער פרעזעס מיט נאָך צוויי מיטגלידער פון יודענדאַט — צוזאַמען מיטן ד״ר מאַרגוליעס — קיין זלאָטי פאָטאָק, 18 קילאָמעטער פון זשאַרקי. דאָרט האָבן זיי געדאַרפט אויפנעמען די פּליטים פון פלאָצק.

דער מצב פון די פּליטים איז געווען אומבאַשרייבלעך. ביים אויסשטייגן פון די וואַגאָנען זענען פאָרגעקומען מוראַדיקע סצענעס. צענדליקער פאַרחלשטע און פאַרמאַטערטע האָבן אויפן אָרט באַקומען מעדיצינישע הילף פון ד״ר מאַרגוליעס. צווישן די פּליטים זענען געווען אויך עטלעכע געשטאָרבענע.

אויסגעמאַטערטע פון לאַנגן וועג, פון צרות און ליידן, פיזיש און גייסטיק צעבראָכענע, זענען די פלאָצקער פאַרטריבענע יידן אָנגעקומען קיין זשאַרקי ווו זיי האָבן באַגעגנט אַ וואַרעמע און האַרציקע באַציונג מצד אונדזער אָרעמער באַ־

פעלקערונג. יעדער איינער האָט געטראָגן הילף פאַר די פּליטים לויט זיינע מעג־לעכקייטן. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע איינצוקוואַרטירן די פּליטים, וועמענס צאָל ס׳איז דערגאַנגען ביז 250.

דער גרעסטער טייל פון די פּליטים איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין פּריוואַטע שטובן מיט באַשפּייזונג, אַ קלענערער טייל — אין אַן אַלגעמיינעם אַזיל. צווישן דעם מער־פאַרמעגלעכן טייל פון דער זשאַרקער יידישער באַפעלקערונג איז דורכ־געפירט געוואָרן אַ הילפס־אַקציע לטובת די פּליטים. מ׳האָט געזאַמלט געלט, מלבושים, וועש און בעטגעוואַנט.

די לאַגע פון די פּליטים איז אַזוי אָרום אַ ביסל לייכטער געוואָרן. מ׳האָט זיי געהאָלפן אויף וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך געווען. דאָך זענען זייערע הערצער געווען שטענדיק פיל מיט האַס, און זייערע אויגן — מיט ווייטיק. דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס זענען האַלב־ווילד געווען פון פּיין און פאַרדרוס, פון באַליידי־קונג און דערנידערונג.

די פּליטים האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט בלויז אַ קליינעם טייל פון דער פּלאָצקער יידישער באַפעלקערונג. פּלאָצק האָט געהאַט אַ סך טויזנטער יידן און אַלע זענען זיי געוואָרן אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען און בארויבט פון זייערע הייזער, פאַרמעגנס און געשעפטן — דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן זיך איינגעשאַפט דורך לאַנגע יאָרן פון מי און פראַצע. די אַרבעט פון דורות איז מיט איינמאָל פאַרשוואונדן און געגאַנגען פאַרלוירן. מחמת דעם דאַרף מען זיך נישט וואונדערן, וואָס אין די הערצער פון אָט די מענטשן איז געווען אַזאַ פאַרביטערונג.

דאָס לעבן אין שטעטל איז ווייטער אַוועק מיט זיין גאַנג. יעדער פאַרגאַנגענער טאָג איז געווען ווי אַ שווערע משא, וואָס מען וואַרפט אַרונטער פון די מידע פּלייצעס, ווייל יעדער נייער טאָג האָט געבראַנגט זיינע צרות און דאגות.

דאָס איז געווען אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1941. אַ שיין פון האָפע־נונג האָט אויפגעשטראַלט אין די פאַרוויסטע הערצער פון דער יידישער באַפעל־קערונג. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אָט־אָט דאַרף אויסברעכן אַ מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן געבראַכט מיט זיך די האָפענונג, אַז שוין נישט לאַנג וועט דויערן די נאַצישע הערשאַפט.

ס׳איז געקומען דער 22־טער יוני 1941. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן היטלער־דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד. דורך אונדזער שטעטל האָבן אָן אויפהער געפלאָסן די מענגעס פון דייטשישן מיליטער מיט זייערע קריגס־מכשי־רים. טויזנטער טאַנקען און האַרמאַטן, מאָטאָציקלען און אויטאָס האָבן אָן איבער־רייס געשטראָמט צו דער מזרח־גרענעץ.

אַנדזערע האָפענונגען האָבן אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. די ערשטע רע־זולטאַטן פון דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד זענען געווען גאָר אַנ־דערע ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. די היטלעריסטישע אָפענסיווע אויפן מזרח־פראָנט האָט שנעל איינגעבראָכן דעם ווידערשטאַנד פון די סאָוויעטישע כוחות. ווי אַ פייערדיקע לאַווינע האָט דאָס דייטשישע חיל פאַרגאָסן ריזיקע סאָוויעטישע שטחים און געטראָגן מיט זיך אומקום און פאַרניכטונג פאַר אַלץ, וואָס זי האָט אָנגעטראָפן אויף איר וועג. ווו נאָר די היטלעריסטישע אַרמייען זענען אָנגעקומען האָבן זיי די ערשטע בלוט־באָד איינגעאָרדנט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. צוזאַמען מיט די דייטשישע נצחונות איז אויך געוואַקסן דער באַרבאַריזם לגבי די יידן.

אונדזער שטעטל איז געלעגן בסך־הכל איין קילאָמעטער פון דער רייכס־גרענעץ. יידן האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן ביים פירן שמוגל מיט דער הילף פון פאָליאַקן. די פלאַג פון דענונציאַנטן האָט גורם געווען אַ סך שאָדן. אין געטאָ זענען אָפט דורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס, נאָך וועלכע עס זענען געקומען קאָנ־פיסקאַטעס און שטראָפן. אַ סך פון די שמוגלער זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים.

דער שטח אויף וועלכן ס׳האָבן געוווינט די יידן איז נישט געווען אַרומגע־צוימט. אָבער אונטער דער דראָאונג פון טויט־שטראָף האָט מען דאָס וווין־אָרט נישט געטאָרט פאַרלאָזן. די פאַראָרדענונג, וואָס האָט פאַרווערט צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. ביז איצט, ווען יידן האָבן זיך ווי נישט איז באַוויזן, האָבן זיי אומלעגאַל געפירט אַ ביסל מסחר. מיטן פאַרבאָט אַרויסצוגיין פונעם געטאָ־תחום האָט דער האַנדל אינגאַנצן זיך אָפּגע־שטעלט. ווען געטריבענע פון נויט זענען געוויסע מענטשן אַרויס פון געטאָ — האָבן זיי דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן. אַ אייסנאַם זענען געווען בלויז יענע, וועלכע האָבן באַקומען אזויגערופענע אַרויספאַרשיינען פון דער קרייזהויפּט־מאַנ־שאַפט. אָבער די צאָל פון אַזעלכע דערלויבענישן איז געווען אַ מינימאַל־קליינע; בלויז אַ קליינער, אומבאַדייטנדיקער פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט באַ־קומען די אַרויספאַרשיינען.

אין חודש יוני 1941 איז אין שטעטל אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וועלכע האָט אָנגענומען זייער שווערע פאָרמען און געבראַכט מיט זיך אַ גרויסע צאָל טויט־פאַלן. די אַנטיסעמיטן פון שטעטל האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און געשריבן צו דער מאַכט, אַז די יידן זענען דאָס די פאַרשפרייטער פון טיפוס. מען דאַרף זיי דערפאַר אַבסאָלוט איזאָלירן און אַרומצוימען דעם געטאָ. אָט די

אינטערווענץ האָט שנעל געווירקט און תיכף איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער ראַדאָמסקער קרייז־הויפּטמאַנשאַפט, צו שליסן און איזאָלירן דאָס געטאָ. דער יודענראַט האָט אונטערגענומען אַ אינטענסיווע אַקציע און מיט דער הילף פון אַ גרויסער געלט־סומע איז געלונגען נישט צו דערלאָזן שליסן דאָס געטאָ.

אין שייכות מיט דער עפּידעמיע איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע מיטן אָנטייל פון פוילישן דאָקטאָר סעצאָמסקי פון טשענסטאָכאָוו, דעם דעמאָלטדיקן דירעקטאָר פון טשענסטאָכאָווער שטאָטישן עפּידעמישן שפּיטאָל. אין דער קאָמיסיע זענען אויך אַריין: פון זשאַרקי — דער פוילישער דאָקטאָר געוועגדזקי און דער יידישער דאָקטאָר מאַרגוליעס, פון טשענסטאָכאָוו — די צוויי יידישע דאָקטוירים, וואלבערג און וואַרהאַפטיג. די קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אַז די עפּידעמיע איז אויסגעבראָכן נישט אויסשליסלעך צוליב דער שולד פון דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך צוליב אַנדערע סיבות. אויפן סמך פון אָט דער פעסטשטעלונג האָט מען נישט אויסגעפירט דעם באַפעל וועגן איזאָלירן דאָס געטאָ.

דאָס איז אויך שוין געווען אַ געוויסע פאַרלייכטערונג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. בכלל איז דאָך דאָס יידישע לעבן אין דער נאַצי־תקופה געווען איין לאַנגע קייט פון ליידן און פּיין. אָבער די געטאָס זענען געווען די גרעסטע פּלאָג אינעם לעבן פון די יידישע מאַסן. זיי האָבן לגמרי צעבראָכן דאָס יידישע לעבן אויף אַלע געביטן: גייסטיק, מאָראַליש און פיזיש. די געטאָ־באַדינגונגען האָבן לחלוטין רואינירט די יידישע באַפעלקערונג. דאָס פאַרלאָזן די פריערדיקע וווינערטער, דאָס וואַנדערן פון גאַס צו גאַס און פון שטאָט צו שטאָט, די צוזאַמענגעדרענגטקייט אין שמוציקע דירות, די הונגער, נויט, קעלט און אומענטשלעכע לעבנס־אויפנעם — זענען געווען די גורמים פון אַלערליי עפּידעמיעס, וועלכע האָבן פאַרשניטן יונגע לעבנס און געזייט טויט און פאַרניכטונג.

דאָס אַריבערגיין אין די געטאָס האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ שוידערלעכע פויפּעריזאַציע פון יידן. געווען אַזעלכע, וואָס ווילנדיק אויסבאַהאַלטן זייער ביסל פאַרמעגן פאַר די נאַצישע רויבער, האָבן זיי זייערע סחורות, צירונג און אַנדערע חפצים איינגעמויערט אין די ווענט, באַהאַלטן אויףביידעמער און אין קעלערס. אָבער גייענדיק אין געטאָ האָבן זיי דאָס אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר און געבליבן אָן מיטלען צום לעבן.

פון גאַנץ פוילן זענען צו אונדז דערגאַנגען די גרויזאַמע ידיעות וועגן גיהנום פון די יידישע מאַסן. אומעטום, ווו נאָר עס האָט געטראָטן דער דייטשישער שטיוול,

האָט זיך געגאָסן דאָס יידישע בלוט. גאַנץ מזרח־אייראָפּע איז געוואָרן איין שייטערהויפֿן, אויף וועלכן ס'האָבן געברענט די אומגליקלעכע קרבנות.

סוף יאָר 1941 ברעכט אויס אין שטעטל אַ צווייטע טיפֿוס־עפּידעמיע. אין יענער צייט האָט זי געבושעוועט איבער גאַנץ פּוילן, און באַזונדערס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס מאָל נעמט די עפּידעמיע אָן אַ שאַרפֿן כאַראַקטער. צענדליקער קראַנקע נייטיקן זיך אין הילף. דער באַליבטער דאָקטאָר אַרבעט אומדערמידלעך און איבער זיינע כּוחות. צום גליק איז צו אונדז אָנגעקומען זייער אַ סימפּאַטיש פּאָרל. דאָס איז געווען ד״ר פעלדמאַן מיט זיין פרוי, אַ דענטיסטין. זיי שטעלן זיך גלייך צו דער אַרבעט. ד״ר פעלדמאַן אַרבעט צוזאַמען מיט ד״ר מאַרגוליעס ביז ער אַליין ווערט אויך שפּעטער קראַנק.

די צאָל קראַנקע איז געווען זייער אַ גרויסע. מען האָט געמוזט שאַפֿן אַ ספּעציעל עפּידעמיש שפּיטאָל. און ווידער האָט די יידישע באַפעלקערונג מיטגעהאָלפֿן. יעדער איינער האָט בייגעשטייערט לויט זיינע מעגלעכקייטן. דאָס שפּיטאָל האָט זיך געפֿונען מחוץ דער שטאָט, אין לעשניעוו, און איז געווען גאַנץ גוט איינגעאָרדנט. אין אים האָבן געאַרבעט די צוויי אויבנדערמאָנטע דאָקטוירים, דריי קראַנקנשוועסטער און אויך ווירטשאַפטלעכע אָנגעשטעלטע.

ס'איז געשאַפֿן געוואָרן אַ איזאָלאַציע־פּונקט פֿאַר יענע משפּחות אין וועלכע עס איז געווען אַ טיפֿוס־פֿאַל. דער יודענראַט האָט אויך באַשטימט אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע. אַדאַנק די גרויסע באַמיונגען איז די טיפֿוס־עפּידעמיע באַזיגט געוואָרן נאָך אַ געוויסער צייט. ביים סוף פֿון דער עפּידעמיע איז אויך דער צווייטער דאָקטאָר, מאַרגיליעס, קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס און דורכגעמאַכט זיין קראַנקהייט אין שפּיטאָל.

אין דער ערשטער העלפֿט פֿון יאָר 1942 האָט די ראַדאָמסקער קרייז־הויפּטמאַנשאַפֿט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל אויפֿצובויען אַ מאָדערנעם באָד־אַנשטאַלט. דאָס איז ווידער געווען א שווערע גזירה פֿאַרן שטעטל, ווייל דאָס אויסבויען אַזאַ באָד־אַנשטאַלט איז געווען פֿאַרבונדן מיט גרויסע געלט־סומעס. אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפֿן — מ'האָט געמוזט צושטעלן דאָס נייטיקע געלט און אויספֿירן די צוואַנגס־אַרבעט לויטן באַפֿעל.

לאַנגע וואָכן האָט די יידישע באַפעלקערונג שווער געאַרבעט ביים בויען דעם באָד־אַנשטאַלט, אָבער די יידישע באַפעלקערונג האָט פֿון אים נישט גענאָסן. טראָץ דעם, וואָס די זשאַרקער יידן האָבן אַריינגעלייגט זייער בלוט און שווייס אין דעם בנין — האָבן זיי דאָס אַלץ געמוזט איבערלאָזן.

די צווייטע העלפֿט פֿון יאָר 1942 ברענגט מיט יעדן טאָג אַלץ שווערער ליידן

פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. די נויט ווערט גרעסער. אומעטום זעט מען הונגעריקע און נאַקעטע קינדער, וועלכע שטעלן מיט זיך פאַר אַ שרעקלעך בילד פון פאַרוואַרלאָזטקייט. דער יודענראַט איז געצוווּנגען צו שאַפן פאַר אָט די קינ־דער אַ קינדערהיים, ביי וועלכן עס עקזיסטירט אַ פּעדאַגאָגישער ראַט. די היימלאָזע קינדער ווערן אַריינגענומען אין דער קינדערהיים, זיי ווערן באַשפּייזט און אָנגעטאָן אין די ראַמען פון דער מעגלעכקייט.

אָבער נישט לאַנג האָבן די קליינע קינדערלעך זיך געפרייט מיט זייער היים. אויך זיי האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל פון אַלע יידן.

די צייט טוט דאָס איריקע. זי ווייסט נישט פון קיין שטערונגען און באַגרע־נעצונגען. זי גייט פאָרויס און שליידערט אָפּ אַלץ, וואָס זי טרעפט אָן אויף איר אומענדלעכן וועג.

אונדזערע יידן שטייגן מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט. מיט יעדן טאָג ווערט דער סאַדיזם פון אונדזערע אונטערדריקער גרעסער. פון אומעטום דערגרייכן צו אונדז די קרעכצן פון אונדזערע ברידער, וועלכע וועגעטירן אין די געטאָס און גייען אויס אין די טורמעס און לאַגערס.

אויך ביי אונדז אין שטעטל ווערט דאָס לעבן מיט יעדן טאָג שווערער און אומדערטרעגלעכער. די אָרעמקייט שטייגט, דער דלות הערשט כמעט אין אַלע שטובן. פון די 3000 נפשות אין אונדזער ישוב זענען פאַראַן בלויז 130 משפחות, וועלכע טראָגן אויס די פינאַנסיעלע לאַסט פאַרן בודזשעט פון יודענראַט. די הוצאות האַלטן אין איין וואַקסן צוליב דער גרויסער אָרעמקייט, וועלכע דער יודענראַט מוז אַ ביסל לינדערן.

אַלע פּרנסות ביי יידן זענען שוין פון לאַנג צעשטערט געוואָרן. די באַגרענע־צונגען האָבן איזאָלירט די יידישע באַפעלקערונג. יעדער מוז בלייבן ביי זיך אין היים און קאָן נישט זוכן קיין מקור פון פאַרדינסט. א סך פון די זשאַרקער יידן פלעגן זיך מפרנס זיין פון גיין איבער די אַרומיקע דערפער און האַנדלען מיט די פויערים. בעת דער הונגער איז געוואָרן שטאַרק, זענען געוויסע יידן, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט, אַרויס פון שטעטל און אַוועק אין די דערפער. אַ סך פון זיי זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן און אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. שפּע־טער האָבן זיי וועגן דעם געמאָלדן דעם יודענראַט און באַפוילן צוצונעמען די טויטע קערפּערס.

אַ צוויי קילאָמעטער הינטערן שטעטל האָט עקזיסטירט אַ שטיינהאַקעריי, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט אַ דייטשישע פירמע א. נ. „כעמישע ווערקע”. אין

אַט דער שטיינהאַקעריי האָבן געמוזט אַרבעטן ביז 100 יידישע צוואַנגס־אַרבעטער. די פּראַצע איז געווען זייער אַ שווערע אין ביי די ערגסטע באַדינגונגען. אַ סך אַרבעטער האָבן נישט געוואָלט גיין צו דער אַרבעט. דאָס איז אָנערקענט געוואָרן פאַר סאַבאָטאַזש אין אַזאַ זאַך האָט געדראָט דעם שטעטל מיט שווערע קאָנסעקווענצן.

און ס׳איז גאָר קיין וווּנדער נישט, וואָס די אַרבעטער האָבן נישט געוואָלט גיין צו דער אַרבעט. ווען מ׳האָט זיך צוגעקוקט צו דער מחנה אַרבעטער אין אָוונט, בעת זיי זענען געגאַנגען פון זייער אַרבעט, מידע און צעבראָכענע, אין הילצערנע טרעפּעס אין אין צעפליקטע מלבושים — האָט דאָס האַרץ געבלוטיקט.

אגב, מ׳וז מען באַמערקן, אַז אין דער שטיינהאַקעריי האָבן געאַרבעט די סאַמע אָרעמסטע. די נאָך פאַראַנענע פאַרמעגלעכע יידן האָבן זיך אויסגעקויפט מיט געלט. דאָס האָט געשאַפן אַן אומדערטרעגלעכן מצב און דער יודענראַט איז געווען געצוווּנגען צו ענדערן זיין באַציונג צו די אַרבעטנדיקע. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס האָט אַדורכגעפירט אַ זאַמלונג ביי די פאַרמעגלעכע. דאָס האָט דערמעגלעכט צוצושטעלן עסנוואַרג פאַר די אַרבעטנדיקע און אויך באַצאָלן זיי מיט געלט פאַר זייער אַרבעט. אַזוי אַרום איז געלייזט געוואָרן דאָס פּראָבלעם פון אַרבעט אין דער שטיינהאַקעריי.

שווער איז אויף דער נשמה. דאָס האַרץ איז איבערפול פון צער און ווייטיק. אַזויפיל טרויעריקע מחשבות דריקן אויפן מוח. די פעדער רייסט זיך צום שרייבן, צו שילדערן דאָס בילד פון אונדזער חורבן. אָבער ווער איז דען בכוח צו געפינען די פּאַסיקע ווערטער? ווער איז אימשטאַנד צו שילדערן דאָס, וואָס אונדזערע אויגן האָבן געזען, וואָס מיר האָבן אַליין איבערגעלעבט?

שטיי אויף, נביא אונדזערער, חיים נחמן ביאַליק! אפשר וועסטו, מייסטער פון וואָרט, געפינען דעם אויסדרוק פאַר אונדזער אומגליק, פאַר אונדזער טרויער און ווייטיק? אפשר וועסטו געפינען אַ באַצייכענונג פאַר די גרויל־מעשים, פאַר די פאַרברעכנס, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן דורך אַ קולטור־פאָלק אינמיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט?

אונדזער שפּראַך איז צו בלאַס כדי צו געבן פאַר דער וועלט אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. אַ גרויסער טייל פון אונדזער טראַגעדיע וועט זיכער פאַרבלייבן אַן אייביקער סוד פאַר דער מענטשהייט.

דאָס יאָר 1942 ברענגט מיט זיך אַזעלכע געשעענישן, וואָס דערגייען, אין

זייער פינאַל, צום ווילדסטן אַבסורד — צו דער גרויזאַמסטער טראַגעדיע פון די יידישע קהילות אין גאַנץ מיטל־אייראָפּע, צום טאָטאַלן אומקום פון יידישן לעבן.

אין אָט דעם יאָר ווערט דאָס אינדיווידועלע לעבן פון ייד אַלץ מער און מער הפקר. דאָס מאָרדן יידן ווערט אַ נאָרמאַלע טאָגטעגלעכע דערשיינונג. אַ כוואַליע פון שרעקלעכער בעסטיאַלישקייט פאַרגיסט גאַנץ אייראָפּע. פון אַלע עקן גייט אויף דאָס פאַרצווייפלטע וויי־געשריי פון די יידישע מענטשן. פאַר דער מינדסטער קלייניקייט און אויך אָן שום סיבה ווערן יידן דערשאָסן. די רעוויזיעס אין יידישע הייזער ווערן אַ סטאַבילע דערשיינונג און אַז מען געפינט עפּעס אַ ווערט־זאַך ביי אַ ייד — ווערט ער אויפן אָרט דערשאָסן.

אַ גרויסע צאָל פאַלן פון דערשיסונגען האָט מיט זיך געבראַכט דאָס געזעץ וועגן קאָנפיסקירן ביי די יידן דאָס פוטערוואַרג. לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער דייטשישער מאַכט האָבן אַלע יידן געמוזט אָפּגעבן זייערע פוטערנע מלבושים. דאָס נישט אונטערוואָרפן זיך דעם באַפעל איז געוואָרן באַשטראָפט מיט טויט.

אַ סך יידן האָבן אויסבאַהאַלטן דאָס פוטערוואַרג כדי צו קויפן דערפאַר ברויט. שפּעטער, בעת די רעוויזיעס, האָבן זיי דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן. זיי זענען דער־שאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

די מאָרדן נעמען אָן אַ מאַסן־כאַראַקטער. אַלע יידישע קהילות און זייערע געטאָס ווערן אַרומגענומען מיט פחד. אַלע פילן שוין, אַז עס רוקט זיך אָן עפּעס מוראַדיקס און גרויזאַמס.

עס הייבן זיך אָן די שרעקלעכע אויסזידלונגען אין די פאַרניכטונגס־לאַגערס. דאָס זענען שוין נישט מער יענע איבערזידלונגען, ווען מ׳האָט אַרויסגעשיקט פון זייערע וווינערטער צענדליקער טויזנטער יידן. דעמאָלט איז נאָך מעגלעך געווען צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן. פון יענע אויסזידלונגען האָבן באַזונדערס געליטן די יידן פון לובלינער געגנט, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט געליטן טויזנטער קרב־נות. די איצטיקע אויסזידלונגען, אין יאָר 1942, טראָגן שוין אַ גאַנץ אַנדערן כאַ־ראַקטער. דאָס איז שוין אַבסאָלוטע אויסראָטונג און פאַרניכטונג.

פון גאַנץ פוילן דערגייען צו אונדז די ידיעות וועגן די אויסזידלונגען, וועגן די בערגער אַש פון פאַרברענטע יידן. איוף אונדזער שטעטל פאַלט אַ טויט־פחד. די כוואַליע פון אויסזידלונגען גייט איצט אין דער ריכטונג פון ראַדאָם, קעלץ און אומגעגענט. דער מאַסן־מאָרד דערנענטערט זיך אַלץ מער און מער צו אונדז.

די אויסגעזידלטע ווערן אַריינגעטריבן אין פראַכט־וואַגאָנען אין אַ גרויסער צאָל. איינער ליגט ממש אויפן צווייטן. די וואַגאָנען ווערן פאַרפלאָמבירט. די אומ־

גליקלעכע פירט מען אַוועק קיין טרעבלינקע, קיין אָשוויענטשים, ווו זיי ווערן פאַרגאַזט און פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס.

אין די אויסגעזידלטע שטעט און שטעטלעך ווערן איבערגעלאָזט בלויז עטלעכע צענדליק יידן, מייסטנס — געוועזענע יידישע פּאָליציאַנטן און פאָרשטייער פון יודענראַט מיט זייערע פאַמיליעס. די איבערגעבליבענע האָבן די אויפגאַבע צו ליקווידירן דאָס פאַרלאָזטע יידישע פאַרמעגן אין די געטאָס.

די פאַרחתמעטע יידישע שטובן ווערן איפגעמאַכט און אויסגעליידיקט. דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן ווערט געזאַמלט אין באַזונדערע לאַגערן: מעבל, וועש און ד. גל. שפּעטער קומט די דייטשישע מאַכט און פירט דורך אַ סעגרעגאַציע פון די חפצים. די ביליקע קעגנשטאַנדן ווערן פאַרקויפט דער פוילישער באַפעלקערונג, די ווערטפולערע דאַקעגן ווערן אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

די ליקווידאַציע־אַקציע דויערט אין די פאַרשידענע ערטער אַנטשפּרעכנדיק צו דער גרייס פון דער יידישער באַפעלקערונג, טיילמאָל — עטלעכע חדשים. נאָכן פאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט ווערן די איבערגעבליבענע יידן דערשאָסן, אָדער אַוועקגעשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער, כדי אויסצופילן די ליידיקגעוואָרענע פּלעצער נאָך די אומגעבראַכטע.

אינדזער שטעטל פיבערט. עס קומען אָן כסדר טרויעריקע ידיעות פון די אַרומיקע שטעטלעך. מיר שטייען אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיט די אַרומיקע ישובים און באַזונדערס — מיט ראַדאָמסק. עס קומען אָן פאַרשידענע קעגנזעצלעכע ידיעות, שוואַרצע און דערפרייענדיקע. פּלוצלינג פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז לויט אַ פאַראָרדענונג פון בערלין זענען די אויסזידלונגען אָפּגעשטעלט געוואָרן. ווי אַ באַווייז פאַר דער ריכטיקייט פון דער ידיעה דינט דאָס שטעטל וולאָשטשאָווע, ווו מ׳האָט אַלע יידן, וועלכע זענען שוין געווען פאַרזאַמלט צום אַרויסשיקן — אָפּגעלאָזט צוריק אַהיים. פאַקטיש איז עס אַזוי געשען. די סיבה איז אָבער געווען די, וואָס עס האָבן אייסגעפעלט וואַגאָנען. די אויסזידלונג אין וולאָשטשאָווע האָט מען אָפּגעשטעלט בלויז אויף עטלעכע טעג און די יידן האָבן געזאָגט הלל.

די אויסראָטונג־באַנדע זעצט פאָר איר אַרבעט. זי מאָרדעט נישט בלויז אין פוילן, נאָר אויך אין אַ ריי לענדער פון מערב־אייראָפּע. עס ציען זיך לאַנגע צוגן, אָנגעפּאַקטע מיט יידן, פון פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע און אַנדערע. אויף טייל סטאַציעס בלייבן די צוגן שטיין און ס׳ווערט דערלויבט אַריינצוגעבן אַ ביסל וואַסער פאַר די אומגליקלעכע. די פּאַסאַזשירן גלייבן, אַז מ׳פירט זיי אויף אַרבעט. זיי פרעגן: „ווו איז טרעבלינקאַ?" מיר אַלע האָבן שוין געוווסט וואָס עס באַדייט טרעבלינקע און מיט שרעק אָפּגעוואַרט אינדזער אייגענעם גורל.

די פאַרניכטונגס־אַקציע דערנענטערט זיך צו אונדז. דער יודענראַט אַרבעט פיבערהאַפט אָפּצושטויסן דאָס אומגליק. ס׳ווערן געזאַמלט גרויסע געלט־סומעס און אַלע מאַכט־אינסטאַנצן באַקומען טייערע מתנות. מען מיינט, אַז דאָס וועט העלפן. ס׳ווערן געשאַפן פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער כדי צו געבן באַשעפטיקונג דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך זענען אויך די יידן אין זשאַרקי פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַן אַרבעט־פּסיכאָז. אַלע האָבן זיך באַמיט צו באַקומען אַרבעט. אָט דער פּסיכאָז האָט אַלעמען פאַרבלענדט און מ׳האָט נישט געזען, אַז טראָץ דעם, וואָס די יידן זענען באַשעפטיקט — געלינגט עס פאָרט נישט אויסצומיידן די קאַטאַסטראָפע.

די שוין פון לאַנג עקזיסטירנדיקע אַרבעטס־פּלעצער „שטיינהאַקעריי כעמישע ווערקע”, „שטראַסן־בוי” און אַנדערע ווערן פאַרגרעסערט. עס ווערן אויך געשאַפן נייע: פּזשעוואָדזשישעוויץ, אַ גוט 2 קילאָמעטער פון זשאַרקי, ווו עס אַרבעטן 100 פּערזאָן, מענער און פרויען; זדוב; פּאָלוואַרק זלאָטי פּאָטאָק א.א. אין שטעטל איז אויך געווען אַ גאָרטן־פערמע, אויף וועלכער עס האָבן געאַרבעט יוגנטלעכע, מייסטנס פון השומר הצעיר. דאָס איז געווען אַ מוסטערהאַפטע פערמע, אָנגעפירט פון אַן אינטעליגענטן בחור, צבי בראַנדעס ע״ה. דער יודענראַט מאַכט אויך באַמיונגען צו שאַפן אַ שאָפּ, וואָס זאָל באַשעפטיקן אויך עלטערע מענטשן. דער פּלאַן ווערט אָבער שוין נישט רעאַליזירט צוליב די געשעענישן, וואָס האָבן זיך בליצשנעל אַנטוויקלט.

דער אויסראָטונג־באַטאַליאָן אַרבעט איצט אין קראָקעווער דיסטריקט, קרייז מיעכאָוו. ס׳קומט פאָר די אויסזידלונג פון וואָלבראָם און פּילץ. פון די דאָזיקע צוויי שטעט קומט אָן צו אונדז אַ גרעסערע צאָל אַנטלאָפענע יידן. זיי איז געלונגען צו אַנטרינען פון די שטעטלעך פאַרן אָפּשליסן אַלע אויסגענג. מידע און צעבראָכענע געפינען זיי ביי אונדז אַ צייטווייליקן אַזיל. זיי מוזן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער מאַכט. די אָרטיקע פּאָליאַקן האָבן גלייך צוגעטראָגן דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע וועגן אָנקומען פון די פרעמדע יידן. די רעזולטאַטן פון דער מסירה לאָזן נישט לאַנג אויף זיך וואַרטן. די זשאַנדאַרמעריע זוכט אַרום די אָנגעקומענע יידן און 7 פון זיי ווערן דערשאָסן.

די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַנטלאָפענע איז אויך אַ שווערע, זיי זענען אַנטלאָפן אין דער לעצטער מינוט, בעירום ובחוסר, און אויב עמיצן איז שוין יאָ געלונגען עפּעס מיטצונעמען — האָבן דאָס די פּויערים ביי אים צוגערויבט. די אַנטרונענע האָבן געמוזט אַדורכגיין דערפער. דאָרט האָבן די פּויערים זיך געוואָרפן

אויף זיי און באַגזלט. געווען אויך אַזעלכע פויערים, וואָס האָבן געכאַפּט יידן און איבערגעגעבן דער פּאָליציי.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס קריסטלעכע געוויסן פון אונדזערע שכנים פּאָליאַקן. בעת מיר האָבן זיך געפֿינען אין דער גרעסטער נויט, האָבן זיי אונדז געטראָטן מיט די פיס אין געהאָלפן די נאַציישע מערדער ביים אומברענגען אונדז. דאָס האָבן געטאָן די פּאָליאַקן, הגם זיי אַליין זענען דער אָביעקט פון דייטשישער שנאה און האַס.

אַזוי האָט אויסגעזען דער קריסטלעכער מיטלייד פון די אַרומיקע פּאָליאַקן. אונדזער עלנט און פיין איז צוליב דעם פילפאַך פאַרגרעסערט געוואָרן. אומעטום, וווהין מיר האָבן געווענדט אונדזערע אויגן, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ ים פון שנאה אין פאַראַכטונג. אַזאַ איז געווען צו אונדז די באַציונג מצד די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן דאָך געקאָנט זיין דאָס לעצטע רעטונגס־ברעט אין אונדזער קאַטאַס־טראָפע. מען קאָן זיך פאָרשטעלן דעם איינדרוק, וואָס עס האָבן אויף אונדז געמאַכט די דערציילונגען פון די וואָלבראָמער און פילצער יידן. ס'איז שווער צו שילדערן דעם באַרבאַריזם, וואָס די מערדער האָבן אַרויסגעוויזן ביי דער אויסזידלונג פון די צוויי שטעטלעך. הונדערטער יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, אָדער גע־וואָרן דערמאָרדעט מיט אייזנס און ווידלעס דורכן ערב רב — די פּוילישע אויס־ווורפן, וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן אין זייער אויסראָטונג־אַקציע. הונדערטער יידן האָבן געמוזט אַליין גראָבן פאַר זיך די מאַסן־קברים און ביים ראַנד פון די אָפענע גריבער זענען זיי דערשאָסן געוואָרן. צענדליקער פון זיי זענען האַלב־לעבעדיקע געשליידערט געוואָרן אין די גריבער און פאַרשאָטן געוואָרן.

אין וואָלבראָם האָבן געלעבט 8 טויזנט יידן — צוזאַמען מיט די אָנגעלאָפענע פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. אין וואָלבראָם איז אין דער אויסראָטונג־אַקציע געווען אויך טעטיק אַ פוילישע יוגנט־גרופּע, די אַזוי־גערופענע „יונאַקעס". פריער האָבן זיי געאַרבעט ביי דייטשישע בוי־אונטערנעמונגען און דערנאָך האָבן זיי גע־האָלפן ביי דער אויסזידלונג. זייער אויפגאַבע האָבן זיי גלענצנדיק אויסגעפירט. זייער געווער איז באַשטאַנען פון געשליפענע לאָפּעטעס...

פאַר דער אויסזידלונג זענען די וואָלבראָמער יידן צונויפגעזאַמלט געוואָרן אויף איין פּלאַץ, ווו זיי זענען געהיט געוואָרן דורך דייטשן און פוילישע יונאַקעס. אַלט און יונג, מענער, פרויען און קליינע קינדער האָבן זיך געפינען אונטערן פרייען הימל. גראָד האָט אַ שלאַקסרעגן געגאָסן אָן אויפהער און אין אַזאַ צושטאַנד האָבן די וואָלבראָמער יידן געוואַרט אויף זייער סוף.

אַהין האָט מען געזאָלט ברענגען אויך די פילצער יידן. דערווייל האָבן זיי זיך

פאַרזאַמלט אין שול און געפאַסט. אפילו די זייג־קינדער האָט מען די ברוסט נישט געגעבן. זיי האָבן געזאָגט תהילים, געצינדן ליכט, געוואַלגערט זיך אויף דער ערד, אויך אויפן בית־עולם רייסן קברים. זייערע תפילות און יללות האָבן זיך געטראָגן אין דער ווייט, זייערע קולות האָבן געמאַכט ציטערן די לופט. אָבער קיינער האָט זייערע געוויינען נישט פאַרנומען, קיינעם האָבן זייערע קרעכצן נישט גערירט. זייערע תפילות און טרערן זענען געפאַלן ווי אין אַ וויסטן מדבר. אַלע פּילצער יידן זענען געטריבן געוואָרן קיין וואָלבראָם.

די אַרומיקע יידישע שטעטלעך זענען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער אויבער־פלאַך. די גאַנצע געגנט איז אָנגעזאַפּט געוואָרן מיט יידיש בלוט. אין די פוסטע גאַסן פון פּילץ און וואָלבראָם האָט זיך געהערט בלויז דער עכאָ פון טריט פון דער קליינער גרופּע יידישע פּאָליציי און די פאָרשטייער פון יודענראַט, וועלכע זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אויף ליקווידירן דאָס יידישע פאַרמעגן.

די פּילצער און וואָלבראָמער יידן, וואָס געפינען זיך ביי אונדז, זעען שוין די געפאַר, וועלכע רוקט אָן אויף אונדזער שטעטל זשאַרקי און זיי הייבן אָן אומקערן זיך אין זייערע פאַרוויסטע היימען. דער פּילצער יודענראַט־פּרעזעס, פּאָגעל, קומט קיין זשאַרקי. אַלע פּילצער יידן באַפאַלן אים ווי זייער איינציקן רעטער. ער נעמט אַהיים זיין משפחה, וואָס האָט זיך געפונען אין זשאַרקי. גרופּעס יידן ציען ווידער אויף די וועגן קיין פּילץ און וואָלבראָם. ווידער גייען זיי דורך די זעלבע דערפער און ווידער ווערן זיי באַפאַלן דורך די פּאָליאַקן. מען ציט פון זיי אַראָפּ דאָס לעצטע מלבוש. נישט זעלטן טרעפן די יידן אָן אויף דורכפאָרנדיקע דייטשישע זשאַנדאַרמען אָדער פּוילישע פּאָליציאַנטן. דעמאָלט ווערן זיי דערשאָסן אויפן אָרט. אַ סך ווערן געכאַפּט דורך די פּויערים און איבערגעגעבן דער דייטשישער מאַכט.

דעם פּרעזעס פון יודענראַט אין פּילץ געלינגט צו באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר הונדערט יידן אומצוקערן זיך קיין פּילץ אויף אַרבעט ביים ליקווידירן דאָס יידישע פאַרמעגן. די דאָזיקע דערלויבעניש שאַפט אַ מעגלעכקייט פאַר אַנדערע הונדערטער יידן צו קומען קיין פּילץ און זיך אויסבאַהאַלטן ביי די לעגאַלע יידן.

אַזוי אַרום שאַפט זיך אין פּילץ ווידער אַ קיבוץ יידן, וועלכער לעבט דאָ צייט־ווייליק, אין דער גרעסטער נויט און ביי די אומענטשלעכסטע באַדינגונגען. זיי שלאָפן אויפן בוידעמער און אין שטאַלן, ווי אַרויסגעטריבענע הינט.

אין קורצע שטריכן האָב איך דאָ דערמאָנט דאָס שטעטל פּילץ, מיט וועלכן מיר, זשאַרקער יידן, זענען געשטאַנען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט און נאָכגעפאָלגט אַלץ וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. איצט פיבערט אונדזער שטעטל ערב דער מגפה פון אויסזידלונג, וואָס דערנעענטערט זיך צו אונדז.

די יידישע באַפעלקערונג פון זשאַרקי הייבט אָן אויספאַרקויפן אַלץ פון די שטובן פאַר גראָשנס. פון די אַרומיקע דערפלעך קומען אָן מחנות פּויערים און קויפן אויס דאָס ביסל יידישע האָב און גוטס, וואָס איז נאָך געבליבן. ווי די הונגעריקע קראָען איבן גוף פון אַ פגר וואַרפן זיי זיך אויף די יידישע זאַכן. אויסנוצנדיק די טרויעריקע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג ווילן זיי אַלץ קויפן פאַר גראָשנס און פאַר ווערטפולע חפצים צאָלן זיי מיט אַ שטיקל פּוטער אָדער אַ ברויט. אַ סך יידן טראָגן אַוועק זייערע וועש, מלבושים און אויך סחורה צו באַקאַנטע קריסטן. אין דעם פאַל זענען די פּאָליאַקן ליבנסווירדיק. זיי נעמען גערן אַלץ צו. אַנדערע יידן ווידער מאַכן בונקערס, אין וועלכע זיי באַהאַלטן זייערע חפצים. מען בויט אויך בונקערס פאַר זיך אַליין. מען פאַרמויערט ביידעמער, קעלערס און שטאַלן, אין וועלכע מ׳לאָזט איבער בלויז אַ שמאָלן אַריינגאַנג.

יידן הייבן מאַסנווייז אָן פאַרלאָזן זשאַרקי און לויפן קיין וואָלבראָם און בעיקר קיין פּילץ, ווו עס געפינט זיך שוין ווידער אַ היפּשע צאָל יידן.

די טרויעריקסטע געשעענישן אין אונדזער שטעטל קומען פאָר אין סעפטעמבער און אָנהייב אָקטאָבער פון יאָר 1942. אָט דער קולמינאַציע־פּונקט פון אונדזער טראַגעדיע קומט אויף מיט זיין גאַנצער גרויזאַמקייט.

ס׳איז ערב יום־כיפּור. די פינצטערניש אין יידישע הערצער האָט נישט קיין גרענעץ. אפילו דעם קלענסטן שאָטן פון אַ שמייכל קאָן מען נישט זען אויף קיינעמס פּנים. יעדער איינער איז דורכגענומען מיט שרעק און פּחד, פאַרקוקט אין דער שוואַרצער כמאַרע, וואָס רוקט אָן איבער אונדזערע קעפּ.

אין אַזאַ מצב און מיט אַזעלכע געפילן איז אונדזער שטעטל געגאַנגען צו כל־נדרי. דער רוב יידן האָט די גאַנצע נאַכט געזאָגט תהילים. דעם גאַנצן יום־כיפּור־טאָג האָבן אַלע פאַרבראַכט אין תפילה־טאָן. דאָס איז נישט געווען קיין פּשוט יום־כיפּור דאַווענען. טייכן טרערן זענען געפלאָסן פון אַלעמענס אויגן. די לופט האָט געציטערט פון געוויינען און יללות. יעדער איינער האָט זיין האַרץ און נשמה אויף שטיקער צעריסן און פאַר גאָט געוואָרפן.

און אינמיטן דערינען קומט אָן ווי אַ דונער די ידיעה, אַז די שטאָט טשענסטאָכאָוו מיט אירע צענדליקער טויזנטער יידן איז געוואָרן אַרומגערינגלט דורך געסטאַפּאָ, זשאַנדאַרמעריע, אוקראַינער און אַנדערע מערדער. די ידיעה האָט געבראַכט אַ פּילצער ייד מיטן נאָמען ווינשטאָק, וועמען ס׳האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון טשענסטאָכאָוו און יום־כיפּור פאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען אין זשאַרקי.

צו משה פיינער, אַ בעקער אין זשאַרקי, ווו ס'האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם יידן און געדאַוונט, איז אַריינגעקומען דער זשאַנדאַרם געץ, געשלאָגן די מתפללים, אַרויסגעשלעפּט די ספר־תורה, געלייגט זי אויף דער ערד און געטראָטן זי מיט די פיס שרייענדיק דערביי: „ווו איז אייער גאָט? זאָל ער קומען און מיך באַשטראָפן!"

דער טאָג פון פאַרניכטונג הייבט זיך אָן דערנענטערן. יעדן טאָג אַנטלויפן אַ סך יידן קיין פּילץ און וואָלבראָם. אַ גרויסער טייל יוגנט אַרבעט אויף דייטשישע אונטערנעמונגען אויסער דער שטאָט. אין ביוראָ פון יודענראַט הערשט אַ כאַאָס און אַן אומאָרדענונג. אַ ריי מיטגלידער און באַאַמטע זענען אַנטלאָפן. אין שטעטל איז אַ געוואַלדיקע נערוועזיטעט און אויפרעגונג.

פּלוצלינג פאַרשפּרייט זיך אַ ידיעה, אַז אויף דינסטיק אין דער פרי, דעם 6־טן אָקטאָבער זענען באַשטעלט געוואָרן אַ גרעסערע צאָל פויערישע וועגענער פאַר זשאַרקי. די ידיעה איז געקומען פון זלאָטי פּאָטאָק, ווו ס'האָבן געאַרבעט זשאַרקער יידן. אויף אַלעמען פאַלט אַ פּחד. מען גייט אַרום טרויעריק און צעבראָכן.

דער פּרעזעס פון יודענראַט רופט צונויף זיין פאַמיליע־קרייז. ער געזעגנט זיך מיט זיי און זאָגט דערביי:

„ס'איז לײדער געקומען די צייט ווען יעדער איינער מוז טראַכטן פאַר זיך. יעדער מוז האַנדלען ווי זיין שכל דיקטירט אים. איך וועל די שטאָט נישט פאַר־לאָזן. איך בלייב ווייטער אין דינסט פון כלל און טאָן אַלץ וואָס ס'וועט נאָר מעג־לעך זיין. איך האָב מיין לעבן מפקיר געווען פאַר דעם שטעטל."

טרערן שטיקן אים. ער ברעכט אויס אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין און אַלע אַרום וויינען מיט אים מיט.

דער יום־טוב סוכות, דער סימבאָל פון פרייד און שמחה, איז אַדורך אין טיפן טרויער. זונטיק, שמחת־תורה, דערגרייכט שוין די פּאַניק צו דער העכסטער מדרגה. אַזייגער 1 ביינאַכט פאָרט אַוועק די גאַנצע משפחה פון פּרעזעס קיין פּילץ. אין דעם מאָמענט איז דאָס גאַנצע שטעטל ווי אויפגעציטערט געוואָרן. נישט געקוקט אויף דער שפּעטער נאַכט־שעה, הייבט זיך אָן אַ גרויסע באַוועגונג. פון אַלע זייטן גייען און לויפן מענטשן. ווי וואַנזיניקע ברעכן זיי די הענט. מען זוכט פורן און מ'צאָלט יעדן פּרייז. די קריסטלעכע פורמאַנעס נוצן אויס די געלעגנהייט און ווילן רייך ווערן פון יידישן אומגליק. פאַר אַ פור קיין פּילץ צאָלט מען צוויי טויזנט זלאָטעס, ווען דער נאָרמאַלער פּרייז איז נישט מער ווי דריי הונדערט. די, וואָס האָבן נישט קיין געלט, אָדער זיי קאָנען נישט באַקומען קיין פערד און וואָגן — לאָזן גיין צופוס קיין פּילץ, וואָס ליגט 40 קילאָמעטער פון זשאַרקי. די

שרעק אין די פּאַניק זענען אומבאַשרייבלעך. אַ גאַנצע נאַכט הערט נישט אויף די באַוועגונג. קיינער אין שטעטל שלאָפט נישט.

ס׳איז שוין מאָנטיק אין דער פרי. איך גיי אַרויס אין גאַס און קוק זיך אַרום אויף מיין אָרעם שטעטל, וואָס ליגט איצט אַזוי אָרעם און שטיל. בלויז אַ קליינער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַרום 35 פּראָצענט, איז געבליבן אין שטעטל. אַלע איבעריקע זענען אַנטלאָפן אָדער זיך אויסבאַהאַלטן אין די פון פריער צו־געגרייטע בּונקערס. די אַנטלאָפענע און באַהאַלטענע האָבן מיט זיך גאָרנישט נישט מיטגענומען, איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר. זיי האָבן געוואָלט ראַטעווען בלויז דאָס נאַקעטע לעבן.

דער פאַל פון אַנטלויפן און אויסבאַהאַלטן זיך, וואָס האָט געהאַט אַן אָרט אין אונדזער שטעטל, האָט געהערט צו די זעלטענע אויסנאַמען. אין אַנדערע ערטער זענען די יידן געוואָרן אַרומגערינגלט מיט וואַכן נאָך עטלעכע טעג פאַר דער אויסזידלונג.

אַ טייל פון די יידן איז אַנטלאָפן קיין לעלוּוו. אָבער דאָרט האָבן זיי אָנגע־טראָפן אויפן זעלבן פייער. אויך אין לעלוּוו איז די אויסזידלונג פאָרגעקומען אין דעם זעלבן טאָג און די אַנטלאָפענע פון זשאַרקי האָבן געטיילט דעם גורל פון די לעלווער יידן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

די, וואָס זענען אַנטלאָפן קיין פּילץ האָבן בלויז פאַרלאָנגירט זייער אורטייל, אָבער נישט אויף לאַנג. אַ ביסל שפּעטער האָבן זיי דורכגעמאַכט דאָס זעלבע וואָס זייערע ברידער ערגעץ־אַנדערש.

די פאַרבליבענע אין זשאַרקי 35 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג — לערך 900 נפשות — זיצן אין זייערע פאַרוויסטע היימען, פאַרזונקען אין טיפן טרויער, זיי ווייסן גוט, אַז זיי בלייבן דאָ בלויז איין נאַכט, אַז מאָרגן פאַרשווינדן זיי פון דאַנען אין מער וועלן זיי זייערע היימען נישט זען.

מאָנטיק, דעם 5־טן אָקטאָבער, פיר אַזייגער נאָכמיטאָג. איך קוק זיך אַרום אין די ליידיקע גאַסן. אַ מוראדיקע מרה־שחורה ליגט אויסגעגאָסן אויפן שטעטל, מ׳זעט זעלטן אַ מענטשן אין גאַס. איך פאַרטראַכט זיך וועגן מיין לאַגע: וואָס טאָן? מיין פרוי און קינד וואַרטן אויף מיר אין פּילץ, וווהין איך האָב זיי אַוועקגעשיקט מיט עטלעכע טעג צוריק אין צוגעזאָגט אַליין צו קומען. איך באַגעגן אַ געוועזענעם יידישן פּאָליציאַנט, זיידמאַן. מיר קוקן זיך איבער מיט דערשראָקענע און פאַר־צווייפלטע בליקן. מיר באַשטימען צו אַנטלויפן צוזאַמען פון זשאַרקי.

נישט לאַנג טראַכטנדיק, נעמען מיר צוויי ראָווערן און לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון פּילץ. ביים אַרויספאָרן פון זשאַרקי ווערן מיר פאַרהאַלטן דורך דריי

זשאַנדאַרמען. מיר ווייזן אונדזערע באַשייניקונגען פון קרייז־הויפּטמאַנשאַפט, אַז מיר זענען באַרעכטיקט צו פאַרלאָזן די שטאָט. מיר באַקומען אַן ענטפער, אַז די דערלויבענישן זענען מער נישט גילטיק. שטייענדיק אַזוי פאַרצווייפלט זעען מיר, אַז צוויי פון די דייטשן גייען אַוועק אין אַ זייט און בלויז איינער בלייבט איבער. מיר נוצן שנעל אויס די געלעגנהייט. מיר שטעקן אים אין יד אַ בינטל מטבעות און ער שרייט אויס: „שנעל! שנעל רייסט אויס, די קאַמעראַדן זאָלן אייך נישט זען!" בליצשנעל, געטריבענע פון טויט־שרעק, לאָזן מיר זיך מיט אַ טייוולשער שנעלקייט, כּדי צו זיין וואָס ווייטער פון דאַנען. אַלע ווילע דוכט זיך אונדז אויס, אַז מען יאָגט אונדז נאָך. יאָגנדיק אַזוי מיט אַלע כּוחות קומען מיר אָן קיין פּילץ מיט דער נאַכט צוזאַמען.

אין פּילץ איז דאָן געווען אַ גרויסער ידישער קיבוץ. עטלעכע הונדערט פּילצער ייִדן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער אויסזידלונג; ס'איז אויך געווען אַ גרויסע צאָל זשאַרקער, ראַדאָמסקער און פּיעטריקאָווער ייִדן. דאָס רוב ייִדישע דירות זענען נאָך געווען פאַרחתמעט. בלויז דער קליינער טייל וווינונגען, וואָס איז שוין געווען אויסגערוימט פון אַלע זאַכן, איז אָפּגעגעבן געוואָרן דער באַפעל־קערונג, וועלכע האָט געציילט ביי 3000 נפשות.

די שטיבלעך זענען געווען קליינע, האַלב־איינגעפאַלענע, רואינירטע און אויסערגעוויינלעך שמוציק. אין אַזאַ שטיבל האָבן געוווינט 20 פּערזאָן. מערסטנס זענען די מענטשן געשלאָפן אויפן דיל. דאָך האָט מען דאָס פאַרליב גענומען. אַלץ בעסער ווי אויסזידלונג און טויט.

איך בין געבליבן אין פּילץ און נאָכגעפאָלגט די ידיעות פון זשאַרקי, וועלכע זענען אָנגעקומען דורך פּאַליאַקן.

די ייִדן אין פּילץ האָבן שטאַרק געליטן. די אָרעמקייט איז געווען אין לשער. די לעבנס־באַדינגונגען אין די הייזלעך זענען געווען אויסערגעוויינלעך שווערע. אַלץ איז געווען צעשטערט. די אויוונס זענען געווען צעבראָכן — בעת דער ליקווי־דאַציע האָט מען זיי רואינירט ביים זוכן דאָרט גאָלד און צירונג — איז דעריבער נישט געווען ווו אָפּצוקאָכן אַ ביסל עסן.

בכלל האָט דאָס לעבן צווישן די ייִדן דאָ אויסגעזען פריי און נישט געשטערט. ס'האָט אויסגעזען, ווי שקלאַפן וואָלטן געבליבן אָן אַ באַלעבאָס. געוויסע מענטשן זענען פון אָט דעם מצב געווען צופרידן. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון פון דער לאַגע. בלויז די, וואָס האָבן זיך איבער דעם פאַרטראַכט, האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס קאָן לאַנג נישט אָנהאַלטן, אַז די קאַטאַסטראָפע מוז קומען.

דער פאַרבליבענע יודענראַט אין פּילץ האָט אָנגעהויבן רודפן די פרעמדע

אָנגעלאָפֿענע יידן פֿון אַנדערע שטעטלעך. צוערשט האָט די יידישע פּאָליציי געמאַכט אַבלאַוועס אויף יונגע מענטשן און זי אַוועקגעשיקט אין די אַרבעטס־לאַגערס פֿון פּלאַשאָוו און פּראָקאָטשים. אויך דאָ האָט קודם כל געליטן די אָרעמסטע באַפעלקערונג, די וועלכע האָבן נאָך געהאַט אַ ביסל געלט האָבן זיך אויסגעקויפֿט. מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויסטרייבן די אָרעמע יידן. דערביי האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. מען האָט צוזאַמענגענומען אַ מחנה מענטשן, אָפּגעריסענע, באָרוועסע און הונגעריקע, און די יידישע פּאָליציי האָט זיי אַרויסגעטריבן עטלעכע קילאָמעטער הינטער דער שטאָט מיט אַ באַפעל זיי זאָלן אַוועק וווּ די אויגן וועלן זיי טראָגן. די מענטשן זענען געבליבן אין דער גרעסטער פֿאַרצווייפֿלונג. אַ טייל איז ווייטער געגאַנגען, נישט וויסנדיק אַליין וווהין; אַנדערע ווידער זענען צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין און דאָ אָנגעטראָפֿן אויף פֿאַרקלאָפּטע טירן פֿון זייערע שטובן־נאָרעס. זיי זענען לחלוטין געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

דינסטיק, דעם 6־טן אָקטאָבער 1942, גאַנץ פֿרי, זענען דער פּרעזעס און דריי מיטגלידער פֿון יודענראַט אין זשאַרקי גערופֿן געוואָרן אויפֿן זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן, וווּ עס האָט זיי באַגעגנט דער שטורמפֿירער פֿון דער אויסראָטונג־קאָמאַנדע, דער הויכראַנגיקער געסטאַפּאָמאַן פֿויכט, מיט זיינע באַגלייטער. דער שטורמפֿירער פֿויכט האָט דערקלערט דער יודענראַט־דעלעגאַציע, אַז היינט קומט פֿאָר די אויסזידלונג פֿון די יידן אין זשאַרקי. אַלע יידן פֿון שטעטל ווערן געשיקט אויף אַרבעט אין וויייטן מזרח. יעדער איינער מעג מיט זיך מיטנעמען 10 קילאָגראַם פֿון דעם סאַמע נייטיקסטן. ס׳איז אויך דערלויבט צו נעמען מיט זיך געלט, צירונג און אַנדערע ווערט־זאַכן. מען דאַרף זיך באַזאָרגן מיט באַשפּייזונג אויף 5 טעג. אין משך פֿון איין שעה דאַרפֿן אַלע יידן זיך צונויפֿקומען אויף איין זאַמלפּונקט — אויפֿן מאַרק־פּלאַץ.

תיכף איז אויך גערופֿן געוואָרן די יידישע פּאָליציי, וואָס האָט באַקומען אַ באַפֿעל צו ברענגען די יידישע באַפעלקערונג אויפֿן מאַרק־פּלאַץ. די גוט־באַקאַנטע אוקראַאינישע חיות זענען אויך געקומען העלפֿן אין דער הייליקער אַרבעט. זיי האָבן די ערשטע זיך אַ לאָזגעטאָן אין די פֿאַרלאָזענע יידישע שטובן, געראויבט, געפּלינדערט און גענומען אַלץ וואָס ס׳איז זיי געקומען אונטער דער האַנט. אויב זיי האָבן נאָך עמיצן געטראָפֿן אין שטוב, האָבן זיי אים מערדערלעך געשלאָגן און אַרויסגעטריבן צום זאַמל־פּינקט.

די יידן זענען שוין געווען אויסגעשטעלט אין רייען אויפֿן פּלאַץ. דער שטורמפֿירער האָט זיי געציילט און געזען, אַז עס פֿעלט אַ גרויסע צאָל יידן. ער איז געוואָרן אויפֿגערעגט און געזאָגט צו די פֿאַרזאַמלטע: „ס׳וועט נישט העלפֿן דאָס

אַנטלויפֿן און דאָס אויסבאַהאַלטן זיך אין פֿעלד אָדער אין וואַלד. אומעטום, וווּ עס וועט זיך נאָר געפֿינען אַ ייִד — וועט מען אים אַנטפּלעקן. אַלע קומען לויט דער ריי."

אויפֿן פּלאַץ זענען געשטאַנען די פֿאַרזאַמלטע ייִדן טרויעריקע און דערשלאָגענע. באַלד זענען אויך געקומען יענע, וואָס האָבן געאַרבעט אויסער דער שטאָט. געבראַכט אויפֿן זאַמלפּונקט האָט זיי די פּוילישע פּאָליציי. זשאַנדאַרמעריע, אוקראַינער און פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן געזוכט אין שטאָט די אויסבאַהאַלטענע ייִדן. אַ טייל פֿון זיי האָט מען געפֿונען. צווישן אַנדערע — אברהם גאָלדבערג מיט זיין טאָכטער, וועלכע מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון אַ קעלער און אויפֿן אָרט דערשאָסן.

אַ יונגנמאַן, אַ קצב, האָט מען געפֿונען אין אַ בינט שטרוי, ווען מ׳האָט אים אַרויסגעצויגן פֿון דאָרט, האָט ער מיט אַ מעסער צעשטאָכן איינעם פֿון די זשאַנדאַרמען. דאָס איז געווען דער פֿאַרצווייפֿלטער נקמה־אַקט פֿון דעם יונגן ייִד קורצפעלד. פֿאַרשטייט זיך, אַז ער איז אויפֿן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

די מערדער זענען אויך אַריינגעקומען צו פּייוול ראָזענבוים. ער מיט זיין זון איטשע האָבן באַשלאָסן נישט אַרויסצוגיין צום זאַמלפּונקט. דער פֿאָטער, איינגעהילט אין אַ טלית, איז צוזאַמען מיט זיין זון געזעסן ביי אַן אָפֿענער גמרא און געלערנט אויפֿן קול. בעת די מערדער זענען אַריין מיט זייערע ווילדע אויסגעשרייען, זענען פֿאָטער און זון געבליבן זיצן און ווייטער געלערנט. די צוויי ייִדן זענען געוואָרן דערשאָסן אויפֿן אָרט.

אויף דער שיל־גאַס, אין דער וווינונג פֿון קזשעפּיצקיס טאָכטער, האָבן די אויסוואורפֿן געטראָפֿן אַ יונגע פֿרוי, וועלכע איז געווען ערשט נאָך דעם געבורט פֿון אַ קינד. זיי האָבן די קימפּעטאָרין דערשאָסן צוזאַמען מיטן עופֿעלע, וואָס האָט ערשט מיט אַ שעה פֿריער דערזען די ליכטיקע שיין.

אַן אוקראַינער האָט געטריבן אַן אַלטע פֿרוי צום זאַמלפּונקט. די זקנה האָט נישט געקאָנט גיין שנעל. דער אוקראַינער האָט זי מערדערלעך געשלאָגן ביז די אומגליקלעכע איז אַנידערגעפֿאַלן. דעמאָלט האָט דער מערדער זי דערשאָסן און אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיק געלעכטער.

די אַלגעמיינע צאָל פֿון דערשאָסענע אין יענעם טאָג האָט באַטראָפֿן 23.

די טרויעריקע צערעמאָניע אין אונדזער שטעטל האָט נישט לאַנג געדויערט. בלויז עטלעכע שעה — און דאָס שטעטל איז אויף אייביק געבליבן פֿאַריתומט פֿון זיינע ייִדישע איינוווינער.

די אומגליקלעכע זענען געטריבן געוואָרן צו דער סטאַציע זלאָטי פּאָטאָק.

דאָרט זענען זיי פאַרלאָדנט געוואָרן אויף פּראַכט־וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט גע־וואָרן אין דער גאַז־קאַמער פון טרעבלינקע, ווו זיי זענען אַלע אומגעקומען.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די געשיכטע פון די זשאַרקער יידן, וואָס זענען דורות־לאַנג געזעסן אין שטעטל, געבויט הייזער, געפירט מסחרים, דורכגעמאַכט לייד און פרייד.

הונדערטער יאָרן זענען אַריבער זינט יענער צייט, ווען דאָס שטעטל האָט צום ערשטן מאָל אויפגענומען יידן. דאָ האָבן זיי זיך איינגעוואָרצלט און געלעבט. איצט ציען זיך די לאַנגע רייען פון יידן מיט געבויגענע קעפּ. זיי קוקן זיך אום און וואַרפן די לעצטע בליקן אויף דער טייערער היים, וואָס זיי וועלן שוין קיינמאָל נישט זען.

30 פאַראיינזאַמטע „גליקלעכע" יידן זענען פאַרבליבן אין זשאַרקי. זיי זענען ווי איבערגעלאָזט געוואָרן, אַז זיי זאָלן אויפעסן דעם גאַנצן טרויער און ווייטיק, וואָס איז געבליבן נאָך זייערע ברידער און שוועסטער.

די גאַנצע אומבאַגרענעצטע מאַכט איבער די 30 פאַרבליבענע יידן האָט געהאַט די זשאַנדאַרמעריע מיט לייטענאַנט שמיד בראש. מ'האָט זיי דערקלערט, אַז אויב מען וועט אַנטרעפן אויף אַ ייד, וואָס געהערט נישט צו די 30 לעגאַלע יידן, וועט ער אויפן אָרט דערשאָסן. אָט די 30 זענען אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יענע, וואָס וועלן זיך ביי זיי אויסבאַהאַלטן.

אלע דרייסיק געבליבענע יידן זענען צוערשט אריינגעפירט געווארן אין דער דירה פון קלמן קאַלקאָפּ אין דערנאָך — אין הויז פון שלמקע טענענבוים ז"ל. אומענדליך טרויעריק איז געווען זייער לאַגע. יעדער פון זיי האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט זיך צוריק־געקערט פון בית עולם, ווי ער האט איבערגעלאָזט זיינע טייערסטע און נאָענטסטע.

דער לייטענאנט פון דער זשארקער זשאנדארמעריע, יוזעף שמיד, האט אמאָל ארויסגעוויזן אַ מעסיקע בעציונג צום יודענראַט צוליב די מתנות, וואָס ער פלעגט כסדר באַקומען. איצט, נאָך דער אויסזידלונג, איז ער געוואָרן אכזריותדיק און סאַדיסטיש. ער האט צו זיך קיינעם נישט צוגעלאָזט און אָנגעטאָן די 30 געבליבענע יידן גרויסע צרות.

אין דער צייט, וואָס די 30 געבליבענע יידן האבן געאַרבעט ביים אויסליידיקן די פערלאזענע יידישע דירות און ביים ליקווידירן דאָס יידישע פארמעגן, זענען אין די פארמויערטע בוידעמס און קעלערס געלעגן הונדערטער יידן, ביי וועלכע די צוגעגרייטע שפּייז און וואַסער האבן זיך שוין אויסגעלאָזן. זייער סיטואַציע איז געווען פערבונדן מיט סכנת נפשות, אויף יעדן שריט האט געלויערט דער טויט.

די שטילקייט אין די אויסגעליידיקטע יידישע געסלעך האט געקלונגען אין די אויערן און אנגעוואָרפן אַן אימה. אבער טראָץ דעם האבן א סך זיך ארויס־געדראַפּעט פון זייערע לעכער און נאָרעס און אינמיטן נאַכט האבן זיי זיך אוועק־געלאָזט קיין פּילץ. פיל פון זיי האט מען געכאַפּט און דערשאָסן. די, וואָס ס׳איז געלונגען אָנצוקומען קיין פּילץ, זענען געווען ענלעך צו שאָטנס. הונגער, שרעק, ליידן און פּיין זענען געווען אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימער.

די דרייסיק לעגאַלע יידן אין זשאַרקי האבן געזיכט מיטלען, ווי אזוי צו העלפן די רעשט אויסבאהאלטענע אין זייערע בונקערס. נישט געקוקט אויף די גרויסע געפאַרן, האָט מען די פאַרשפּאַרטע יידן באַזאָרגט מיט וואַסער און ברויט. ווען דאָס האט אָנגעהאַלטן א לענגערע צייט, האָבן ווידער א טייל פון די אויסבאהאלטענע גענומען אַנטלויפן. זיי האָבן שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן.

אַ גרופּע יידן, צווישן זיי חיים טענענבוים מיט זיין זון אברהם, האבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ וואַלד צווישן פעלזן. ווען ס׳האָט זיי שוין פאַרפעלט שפּייז און אויך כוחות צו בלייבן אונטערן פרייען הימל, איז אברהם טענענבוים אוועק אין שטעטל כדי צו געפינען א מעגלעכקייט ערגעץ־ווו זיך צו באַהאַלטן. אין לעשניווו, הינטער זשאַרקי, האָבן אים שקצים געכאַפּט, געבונדן מיט שטריק און געבראַכט אים אין שטאָט צו דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. ישראל באָרענשטיין, דער פּרעזעס פון יודענראַט, וועלכער איז געווען א קוזין פון אברהם טענענבוים, האט געמאכט אַלע באַמיונגען ביים לייטענאַנט שמיד, כדי צו ראַטעווען זיין קוזין. ער האט קוים אויסגעפּוילט, אַז מ׳זאָל דעם געכאַפּטן נישט שיסן אויפן אָרט. געהייסן האט עס, אַז מ׳שיקט אים אוועק אין אַן ארבעטער־לאַגער. אבער יעדער שפּור נאָך אים איז פאַרלוירן געגאַנגען.

די לאַגע פון די היימלאָזע יידן אין פּילץ ווערט אַלץ מערער אומדערטרעגלעך. די אויסבאַהאַלטענע ווידער אין זשאַרקי ליידן די שווערסטע פּיין. זיי ליגן אין די נאָרעס, פאַרצווייפלטע פון זייער אויסוועגלאָזן מצב. דער הונגער צווינגט די באַהאַל־טענע ארויסצוגיין אין גאַס נאָך ברויט און דאָס פירט אויף די שפּורן פון זייערע באַהעלטענישן. די פּוילישע באַפעלקערונג גיט גלייך איבער דער דייטשער מאַכט וועגן יעדן בונקער, וואָס ווערט אויפגעדעקט.

אין איינער אַזאַ באַהעלטעניש, אין הויז פון משה באָרענשטיין, האט מע געפונען 40 יידן — מענער, פרויען און קינדער — וועלכע זענען אנטדעקט געוואָרן דורך יוגנטלעכע פּאָליאַקן. די 40 יידן זענען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרט האט מען זיי דערשאָסן אין א דערבייאיקן וואַלד. צווישן די 40 יידן זענען

געווען: אברהם ראַפּאָפּאָרט מיט זיין פרוי און קינדער, פישל בעקער מיט זיין פרוי און קינדער, מאלע שילמאַן מיט איר מוטער און נאָך אַנדערע.

דעם פּרעזעס פון יודענראַט, ישראל באָרענשטיין, געלינגט ווידער ווייך צו מאַכן דאָס הארץ פון לייטענאנט שמיד מיט דער הילף פון מתנות און געלט. ער באקומט די דערלויבעניש צו פארגרעסערן די צאָל לעגאלע יידן אין זשאַרקי ביז 120 פּערזאָן.

נאָך א קורצער צייט פון זיין אין פּילץ קום איך אלס לעגאַליזירטער צוזאמען מיט מיין משפחה קיין זשאַרקי. דעם ערשטן איינדרוק פון מיין קומען אין שטעטל וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. עס האט מיך אדורכגענומען אַ מאָדנער פּחד. מיינע טריט האָבן אָפּגעהילכט אין דער טויטער שטילקייט און זייער עכאָ האט זיך געטראָגן ווייט־ווייט. דאָס שטעטל האט אויסגעזען ווי א בית־עולם, די הייזער — ווי מצבות. קיין שפור פון לעבן איז נישט געווען צו באַמערקן. פון יעדן פענצטער, פון יעדער טיר, האט זיך אויסגעדאכט, אז עס קוקן אויגן פול מיט אימה און גרויל. אבער קיינער איז דא נישט געווען, קיינער האט דאָ נישט געלעבט. בלויז די שאָטנס פון די, וואָס האָבן אמאָל דאָ געלעבט, האבן געשוועבט אין דער לופט און אויס־געפילט דעם חלל.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער ארבעט אין מעבל־לאַגער, וואָס האט זיך געפונען אין דער אמאָליקער גארבעריי פון חיים טענענבוים, איך מיט נאָך צוויי יידן, חיים טענענבוים און הערשל מאָנאט האבן געהאט די אויפגאבע צו סאָרטירן דאָס מעבל פון די יידישע שטובן. במשך פון גאנצן טאָג האבן פויערישע פורלעך צוגעפירט דאָס מעבל פון די יידישע הייזער: שענק, בעטן, טישן א. ד. גל. אין יעדן קעגנשטאנד, מיט וועלכן איך בין געקומען אין בארירונג, האב איך געזען דעם טראַגישן גורל פון זייערע געוועזענע בעלי בתים — די יידן, וואָס מ׳האָט געשיקט אין גאַז־קאַמער.

די 120 לעגאלע יידן האָבן באקומען צוגעטיילט צום וווינען די 3 הייזער פון שלמקע טענענבוים, בעריש ווייסמאַן און קלמן קאַלקאָף. אדאנק דער פארגרע־סערונג פון דער צאָל לעגאַלע יידן איז דער מצב פון די באהאַלטענע געוואָרן א ביסל לייכטער דערמיט, וואָס זיי איז געשאַפן געוואָרן א בעסער מעגלעכקייט צו באזארגן זיך מיט עסן. בכלל אבער איז זייער לאַגע געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. דער שמוץ אין די בונקערס איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. זיי פלעגן שלאָפן אויף דער ערד, אייפּן בעטגעוואנט, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט. דאָרט האבן זיי דערליידיקט אלע מענטשלעכע באדערפענישן, אין דער אָפּוועזנהייט פון די עלעמענ־טאַרסטע היגיענישע באדינגונגען.

דער ווינטער האט זיך דערנענטערט. ס'וועט קעלטער. ס'איז שוין געפאַלן דער ערשטער שניי. דער ווינט יאָגט פון אַלע זייטן און קריכט אין די ביינער, אין אַזאַ מצב מוזן די אומגליקלעכע בלייבן אין זייערע בונקערס.

אויך די לאַגע פון די היימלאָזע זשארקער יידן, וואָס געפינען זיך אין פילץ און אין וואַלבראָם ווערט אַלץ שווערער און מער געפערלעך. די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן גענומען זיך אינטערעסירן מיט דער גרויסער צאָל אומלעגאַלע יידן, מיט אַט די „פאַרברעכער", וואָס האָבן זיך געיאָגט מיטן טויט. דער טאָג פון זייער צווייטער אויסזידלונג פון פילץ און וואַלבראָם איז געקומען.

די געיאָגטע און געפייניקטע יידן האָבן דעם ביטערן כוס פון זייער גורל נאָך נישט אויסגעטרונקען ביזן סוף. מיט אַ טאָג פריער האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן דער אויסזידלונג. אין דער גרעסטער פּאַניק איז מען געלאָפן אין אַלע ריכטונגען. אַ סך זענען אוועק דורך דער נאָענטער גרענעץ אין רייך אריין; אַ טייל — אין דער ריכטונג קיין קראָקע, און אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פאַרן פּרייז פון געלט און צירונג ביי פּויערים, וואָס האָבן זיי שפּעטער אומגעבראַכט.

אַ גרויסע צאָל פון זיי איז צוריקגעקומען קיין זשארקי. די געקומענע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף ביידעמס, אין קעלערס און אויך אין שוין אויסגעליידיקטע ליקווידירטע שטובן. דער צושטאַנד פון די צוריקגעקומענע איז אַ האָפענונגלאָזער. נאָך אַזויפיל איבערלעבענישן און צרות, געפרוירענע און אויסגעמאַטערטע, אין דינע זומער־מלבושים — פּייניקן זיי זיך איצט אויף די ביידעמס און אין קעלערס.

דאָס זענען געווען די נאָוועמבער־טעג פון 1942. דער ווינטער, וואָס האָט זיך יענעם יאָר פרי געשטעלט, האָט שטאַרק פאַרערגערט די לאַגע פון די נאַרוואָס געקומענע. צווישן זיי זענען אויך געווען מיינע משפּחה־מיטגלידער, וועלכע זענען אין אַ פינצטערער, קאַלטער נאַכט אָנגעקומען קיין זשאַרקי. מיין אַלטע צעבראָכענע מוטער ע"ה איז געלאָפן 40 קילאָמעטער פון פילץ. דאָס האַרץ האָט אין מיר געבלוטיקט. איך האָב ווייניק געקאָנט העלפן מיין מוטער אין איר טרויעריקער לאַגע. אַ צעבראָכענע, אַ מידע פון לאַנגן וועג, אַן אַדורכגעפרוירענע, אַז ס'האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן — האָב איך זי אַריינגעלאָזט אין אַ קוילן־שטאַל. אין שטוב האָב איך זי נישט געקאָנט אַריינעמען, ווייל דאָס וואָלט געשטעלט אין סכנה דאָס לעבן פון די 120 לעגאַלע יידן.

ביינאַכט האָב איך אויסגעזוכט פאַר איר אַ באַהעלטעניש אין אַ קליין אָפּ־געזונדערט שטיבל אויפן פּלאַץ פון דער גאַרבעריי, ווו איך האָב געאַרבעט. דאָס האָט מיר דערמעגלעכט צוצוברענגען עסן פאַר איר און פאַר נאָך עטלעכע פּערזאָן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען.

פוילישע קינדער און אויך דערוואַקסענע האָבן אָן אויפהער פאַרפאָלגט די אומגליקלעכע. זיי האָבן אַנטדעקט די באַהעלטעניש און גערופן דייטשישע זשאַנדאַרמען. זיי האָבן געכאַפּט פיל יידן, אָפּטמאָל צו 30 אין אַ בונקער און נאָך מער. אַז עמיצער האָט געפּרוווט אַנטלויפן, איז ער דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

בכלל אָבער האָט די זשאַנדאַרמעריע נישט דערשאָסן די אַנטדעקטע יידן, נאָר זיי אַריינגעזעצט אין טורמע. ווען זיי האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין אַ באַשטימטער צאָל, האָט מען זיי געשיקט קיין ראַדאָמסק אין געטאָ, ווו זיי זענען שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן.

הונדערטער אומלעגאַלע יידן וואַלגערן זיך אַרום אין שטעטל. דעם גאַנצן טאָג זיצן זיי שטיל אין זייערע נאָרעס. ערשט ווען ס׳קומט די נאַכט, קריכן זיי אַרויס פון די לעכער. זיי באַלאַגערן די הייזער פון די לעגאַלע יידן. ס׳איז ווייטיקלעך שווער צו קוקן אויף די דאָזיקע אומגליקלעכע יידן. אויף יעדן פּנים ליגט אויסגעגאָסן די טויט־שרעק; זיי זענען שמוציק, הונגעריק און אָפּגעריסן; ס׳וואַרפט זיי פון קעלט; יעדער פון זיי כאַפּט אין איילעניש אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל וואַרעמס — און פאַרשווינדט שנעל אין זיין נאָרע.

מיט יעדן טאָג ווערט די צאָל פון די אומלעגאַלע און אויסבאַהאַלטענע קלענער. עס הערט נישט אויף דאָס פאַרפאָלגן זיי דורך די פּאָליאַקן, מייסטנס — יוגנטלעכע. אָפּט זעט מען, ווי די זשאַנדאַרמעריע פירט אַ מחנה געכאַפּטע יידן. ביי די געפונענע יידן ווערט אַלץ צוגענומען און האַלב־נאַקעטע און באָרוועסע ווערן זיי אַרויסגעשיקט קיין ראַדאָמסק. פאַראַן אויך אַ סך פאַלן, ווען די אויסבאַהאַלטענע שטאַרבן אין זייערע לעכער פון הונגער און קעלט און פון טויט־שרעק.

✶

די נאָוועמבער־טעג פון יאָר 1942 זענען געווען טריבע. אַ רעגן געמישט מיט שניי האָט געשמיסן אין פּנים. יעדן פרימאָרגן האָבן מיר, די „לעגאַלע״ 120 יידן געמחט זיך פאַרזאַמלען אין שול צום אַפּעל. דער סאַדיסטישער לייטענאַנט האָט אונדז געציילט. מיר פלעגן שטיין אין גלייכע רייען און ער האָט אונדז איינגעטיילט אין גרופּן און געשיקט צו דער אַרבעט.

אין איינעם פון יענע טעג איז געקומען אַ דערלייזונג פאַר די אויסבאַהאַלטענע אומלעגאַלע יידן. אין טעגלעכן געזעצבוך פון דער דייטשישער מאַכט איז דערשינען אַ פאַראָרדענונג, אַז אין ראָדעמער דיסטריקט ווערן געשאַפן 4 געטאָס, אין 4 באַזונדערע שטעט: סאַנדאָמיעזש, שידלאָוויעץ, אויעזד און ראַדאָמסק.

אין די דאָזיקע 4 שטעט — זאָגט זיך ווייטער אין דער פאַראָרדענונג — האָבן יידן וווין־רעכט. יעדער אויסבאַהאַלטענער ייד האָט די רעכט זיך אויסצוקלייבן אַאַלס וווין־אָרט איינע פון די פיר שטעט. ביזן 30־טן נאָוועמבער מוזן אַלע אומלעגאַלע יידן געפינען זיך אין די אויבנדערמאָנטע 4 שטעט. יעדער ייד, וואָס וועט געפונען ווערן נאָכן 30־טן נאָוועמבער אויסערהאַלב פון די פיר שטעט — וועט ווערן דערשאָסן. אַן אויסנאַם שטעלן מיט זיך פאַר די לעגאַלע יידן, די אַרבעטס־קאָמאַנדעס, וועלכע זענען דורך דער מאַכט איבערגעלאָזן געוואָרן כדי צו ליקווידירן די יידישע פאַרמעגנס און אויף אַנדערע אַרבעטן.

די ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפרייט. פאַר די באַהאַלטענע אין די בונקערס האָט די פאַראָרדענונג אויסגעזען ווי אַ ישועה. ענדלעך וועט זיך ענדיקן דאָס הינטישע לעבן אין די לעכער. אַלע אויסבאַהאַלטענע יידן האָבן פאַרלאָזט די בונקערס און געמאָלדן זיך צו דער מאַכט.

אין שטעטל זענען געשאַפן געוואָרן עטלעכע פונקטן, ווו מ׳האָט קאָנצענטרירט די אַלע אומלעגאַלע. מיר, די 120 לעגאַלע, האָבן באַזאָרגט די מענטשן מיט וועש, מלבושים און שיך. מיר האָבן דאָס גענומען פון יענע יידישע שטובן, וואָס מיר האָבן אויסגעליידיקט און ליקווידירט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן אָנעם וויסן פון דער מאַכט. פאַר נעמען עפּעס אַ זאַך פון דעם ליקווידירטן יידישן פאַרמעגן איז געקומען טויט־שטראָף.

פון אַלע זייטן האָבן געשטראָמט אומלעגאַלע ענלעכע צו שאָטנס, פון די אַרומיקע דערפער זענען אויך צוריקגעקומען אַ סך יידן. אין ראַדאָמסק איז שוין געווען אַ גרויסע צאָל יידן, געבראָכטע פון פאַרשידענע ערטער. אין זשאַרקי האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ 600 יידן. עטלעכע טעג זענען זיי פאַרבליבן אין זשאַרקי אויף די פונקטן.

דעם 29־טן נאָוועמבער האָט מען די אַלע אומלעגאַלע יידן צונויפגעבראַכט אויף איין אָרט, אויפן מאַגיסטראַט־פּלאַץ, און מ׳האָט זיי אויסגעשטעלט אין רייען. עס האָט זיך באַוויזן דער לייטענאַנט שמיד אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע זשאַנדאַרמען. אונדזער לייטענאַנט האָט אויך דאָ אויסגעלאָדן זיין סאַדיזם. מיט זיין גומי־שטעקן האָט ער געשלאָגן די פאַרזאַמלטע איבער די קעפּ.

דאָס איז געווען אַ שרעקלעך בילד. איך האָב געקוקט אויף די צוזאַמענגעטריבענע מענטשן, מידע און צעבראָכענע פון די שווערע איבערלעבענישן. אַזויפיל מאָל זענען זיי שוין געטריבן געוואָרן אַהין און צוריק, אַזויפיל מאָל זענען זיי געלאָפן פון איין פייער אין אַנדערן.

איך האָב געזען זייער געפאַלנקייט און עלנט. זייערע פּנימער האָבן אָפּגע־

שפיגלט די אַלע ליידן און פּיין פון אַ פאָלק, וואָס ליידט שוין טויזנטער יאָרן. דאָ, אויף דעם פּלאַץ, האָב איך געזען די אַנטלאָפענע פון אַלע שייטערהויפנס, די מאַראַנען פון די קעלערס, די געיאָגטע פון שפּאַניע, די געטריבענע פון די קרייצציגן און די פּאָגראָמירטע פון כמיעלניצקיס צייטן און פון קישיניעוו. די אַלע האָב איך איצט געזען אין די רייען פון די צוזאַמענגעטריבענע יידן, וואָס שטייען מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס, ווידער צו גיין נע ונד און פאַרלירן זייערע היימען אויף אייביק, אויף אייביק. —

די גרעסטע צאָל יידן האָט געציילט דאָס ניי־געשאַפענע ראַדאָמסקער געטאָ. דאָרט זענען זיך צונויפגעקומען 5 טויזנט נפשות — יידן פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך: וואָלבראָם, פּילץ, סענדזשישאָוו, וואָדזשיסלאַוו און אויך אַ היפּשע צאָל פון אונדזערע זשאַרקער תושבים.

פון אָנהייב איז דאָס לעבן אין ראַדאָמסקער געטאָ געווען זייער שווער. פאַר די אַלע יידן האָט מען אויסגעטיילט 7 גרויסע הייזער. די ענגשאַפט איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. אין איין צימער האָבן געוווינט 20 און מער נפשות. די הייזער זענען שוין געווען אינגאַנצן אויסגעליידיקט נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע אין אָקטאָבער 1942. דאָרט איז נישט געווען דאָס עלעמענטאַרסטע, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן צום לעבן. נישט געווען ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, ווו אָפּצוקאָכן אַ ביסל עסן. ערשט אין אַ צייט אַרום האָבן מיר, די זשאַרקער „לעגאַלע", באַקומען אַ מעגלעכקייט צו שיקן אין ראַדאָמסקער געטאָ דאָס סאַמע נייטיקסטע פאַר אינדזערע ברידער. מיר האָבן זיי אַהינגעשיקט מלבושים, בעט־געוואַנט, וועש, שטוב־זאַכן, לעבנסמיטל און אויך געלט. אַדאַנק דעם איז דער מצב פון אונדזערע פּליטים אין ראַדאָמסק געוואָרן לייכטער.

אין ראַדאָמסקער געטאָ האָט געהערשט אַ רעלאַטיווע פרייהייט. בלויז אַ קליינע צאָל יידן האָט מען געשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט. די דייטשישע תלינים האָבן שוין פון פריער געוווסט, וואָסער סוף עס דערוואַרט די צונויפגעזאַמלטע יידן אין ראַדאָמסק און נישט געלייגט קיין אַכט דערויף ווי אַזוי עס לעבן די פאַרמשפּטע, וואָס וואַרטן זייער ריי צום אומקום.

די גאַנצע מאַכט אין געטאָ איז געלעגן אין די הענט פון דער יידישער פּאָליציי, די אַזוי גערופענע „אָרדענונגס־דינסט". די אונדז גוט־באַקאַנטע יינגלעך, וואָס האָבן אַ סך געלערנט פון די דייטשישע בעסטיעס, האָבן זיך געלאָזט ווילגיין איבער זייערע ברידער און קיינעם נישט געשוינט. אפשר איז נישט קיין וווּנדער, וואָס זייער דעמאָראַליזאַציע איז דערגאַנגען צו אַזאַ שטופּע. זיי האָבן שוין געזען אַזויפיל גרויזאַמקייטן, אַזויפיל בלוט פון זייערע ברידער, אַז

דאָס האָט פאַרטעמפּט זייערע הערצער. זיי זענען געווען די איינציקע הערשער אין געטאָ. זיי האָבן געשלאָגן, גערויבט און געמאַכט אַ לעבן אויפן חשבון פון זייערע אונטערטאַנען. די דייטשישע מאַכט האָט כמעט זיך נישט אַריינגעמישט אין אינערלעכן לעבן פון די יידן אין געטאָ.

אין געטאָ האָט מען אַלץ געקאָנט באַקומען. עס האָבן זיך געעפנט קאַפע־הייזער און קאָנדיטערייען. אָבער געוויסע מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך פאַר־טראַכטן איבער דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע. עפּעס איז געווען אויפפאַלנדיק די פרייהייט אין געטאָ, און דאָס האָט געעקבערט אין מוח. מ׳האָט זיך געשטעלט די פראַגע: פריער איז פאַר נוצן וויס געבעקס אָדער פלייש געקומען טויט־שטראָף און איצט זעט מען אין די שויפענצטער געבראָטענע גענדז, פיש, אַלערליי געבעקסן, און קיינער שטערט נישט. דאָך איז דאָס הפקר־לעבן ווייטער אָנגעגאַנגען. ס׳איז קיין ברירה נישט געווען און מ׳האָט גענומען דאָס לעבן אַזוי ווי ס׳איז געגאַנגען.

אין מאָנאַט דעצעמבער 1942 איז די אַרבעטס־קאָמאַנדע אין זשאַרקי פאַר־קלענערט געוואָרן פון 120 אויף 60 פּערזאָן. 60 לעגאַלע יידן פון זשאַרקי זענען געוואָרן אַוועקגעשיקט קיין ראַדאָמסק. דער אינסטינקט איז געוואָרן אומרואיק. די יידן אין ראַדאָמסק האָט אָנגעהויבן באַהערשן אַ שרעק. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז עס גרייט זיך ווידער אַן אויסזידלונג. די קאָמענטאַרן זענען געווען פאַרשידענע. אַ טייל האָט געהאַלטן, אַז ס׳וועט זיין בלויז אַ טייל־ווייזע אויסזידלונג פון עלטערע מענטשן, פון פרויען און קינדער, דער אַרבעטנ־דיקער עלעמענט דאַקעגן וועט בלייבן און אַריינגעצויגן ווערן אין דער אַרבעט. און ווידער האָט אַלעמען אַרומגענומען אַן אַרבעטס־פּסיכאָז. אַלע האָבן זיך גע־שטופּט צו דער אַרבעט, כדי צו זיין געדעקט.

אין ראַדאָמסק איז געווען אַ מעבל־פאַבריק „טאַנעס און מונדיס״. אין דער פאַבריק זענען איצט אויסגעאַרבעט געוואָרן מיליטערישע וועגן. אַלע האָבן געוואָלט זיך אַריינבאַקומען אין דער פאַבריק. אַ טייל איז דאָס געלונגען פאַרן פרייז פון געלט אָדער ווערט־זאַכן. די אונטערנעמונג האָט באַשעפטיקט 300 אַרבעטער.

מיט יעדן טאָג איז די אומרואיקייט און נערוועזיטעט געוואָרן גרעסער. ס׳האָבן אָנגעהויבן זיך באַווייזן די באַקאַנטע סימפּטאָמען פון ערב מאַסן־רציחות. ס׳איז געווען טיפער ווינטער. גרויסע שנייען און האַרבע פרעסט. וווהין צו לויפן איז נישט געווען. די מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען דערשלאָגענע און געוואַרט אויף זייער יום הדין.

די נאַצישע פערפידיע האָט צוגעטראַכט פאַרשידענע טייוואָלאַנישע מיטלען, ווי אַזוי אויסצושטעלן די קרבנות אויף חוזק און שפּאָט, אויף ליידן און ביטערער אַנטוישונג. אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן, אין וועלכע ס'איז געווען געשריבן, אַז עס קומט פאַר אַ אויסטויש פון דייטשן אויף יידן, דאָס הייסט, אַז די ענגלישע מאַכט גיט אַרויס אַ צאָל דייטשן פאַר אַ גלייכער צאָל יידן. אַלע יידן פון געטאָ האָבן די מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. ווייטער ווערט געזאָגט אין די פּלאַקאַטן, אַז אין דער ערשטער ריי וועלן גענומען ווערן אין באַטראַכט די יידן, וואָס האָבן קרובים אין ארץ־ישראל. קודם כל אַזעלכע, וואָס האָבן דאָרט מענער, פרויען, עלטערן אָדער קינדער. ווייטער קומען אַנדערע קאַטעגאָריעס פון פּריוויגירטע, און צום סוף — סתם יידן, וואָס ווילן פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד האָט אַרומגענומען די יידן אין געטאָ. דאָס געדראַנג אין מעלדונגס־ביוראָ איז געווען אומגעהויער. יעדער איינער האָט געוואָלט פיגורירן צווישן די ערשטע אין דער ליסטע אויף אַרויסצופאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס איינשרייבן האָט געקאָסט 10 זלאָטעס. די געשטופּעריי איז געווען אַזוי גרויס אויך צוליב דעם, ווייל אין דער באַקאַנטמאַכונג איז געווען אָנגעגעבן, אַז ביז מאָרגן דאַרף די רשימה פון די פאַררעגיסטרירטע זיך געפינען אין געסטאַפּאָ.

די געמיינע און נידעריקסטע ליגנערס האָבן זיך נישט געקאָנט זאַט פרעסן מיטן יידישן בלוט. זיי האָבן ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט זייער קרבן און קוויקן זיך מיט זיינע צאַפּלעניש אין די גסיסה־ליידן. טאָג און נאַכט האָבן די דייטשן מיט זייער געמיינער דורכגעטריבענער פערפידיע געשריגן איבער דער וועלט, אַז זיי קעמפן פאַר אַ ניי איראָפּע אויף יסודות פון יושר און רעכט. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום נידערטרעכטיקע ליגנס און סאַדיסטישע תחבולות. זיי גיבן אַרויס פאַראָרדענונגען וועגן געשאַפענע געטאָס, באַצייכנטע מיט דאַטעס און געזעץ־פּאַראַגראַפן. כדי צו פאַרלאָקן די קרבנות אין דער אויסגעשפּרייטער נעץ. צום סוף אינסצעניזירן זיי אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אויסטויש פון יידן קיין ארץ־ישראל, און דאָס — דעם 3־טן יאַנואַר 1943, עטלעכע טעג פאַר דער אויסזידלונג.

מלא שמחה זענען יידן אַהיימגעלאָפן פון מעלדונגס־ביוראָ. באַלד וועלן זיי דאָך זיין פרייע מענטשן. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך צו דעם אַלעמען באַצויגן מיט סקעפּטיציזם. אין דער אַקציע האָבן זיי געזען נאָך אַ געמיין פאַרטל פון די תלינים.

אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1943 האָט די אָרטיקע זשאַנדאַרמעריע אין זשאַרקי באַקומען אַ פאַראָרדענונג צו ליקווידירן די אַרבעטס־קאָמאַנדע פון די 60 לעגאַלע יידן און אַריינשיקן זיי אין געטאָ קיין ראַדאָמסק. די פאָרשטייער פון יודענראַט צווישן די 60 יידן מאַכן גרויסע באַמיאונגען מבטל צו מאַכן קעגן זיי די פאַראָרדענונג, און דאָס געלינגט זיי טיילווייז. דער לייטענאַנט שמיד האָט מסכים געווען איבערצולאָזן 30 פערזאָן פון דער אַרבעטס־קאָמאַנדע.

עס ווערן אויסגעקליבן 30 יידן, וועלכע דאַרפן פאַרלאָזן זשאַרקי און געשיקט ווערן קיין ראַדאָמסק. דער לייטענאַנט שמיד גיט אַרויס אַ באַפעל, אַז במשך פון איין שעה דאַרפן די 30 יידן מאַכן זייערע פעקלעך און שטעלן זיך צום זאַמלפונקט ביי דער שיל, ווו ס'האָבן שוין געוואַרט די פויערישע פורן. אָבער נישט אַלע 30 האָבן זיך צוגעשטעלט אויפן זאַמלפונקט. אַרום 10 יידן זענען פאַרשווינדן און אויסבאַהאַלטן זיך ביי באַקאַנטע קריסטן.

פון איצט אָן זענען די 10 יידן אומלעגאַל. דאָס הייסט: זיי האָבן מער נישט קיין רעכט צו לעבן. זיי זענען געפערלעכע פאַרברעכער, זיי קומט טויט־שטראָף, זיי טראָגן מיט זיך כסדר זייער טויט־אורטייל; אומעטום איז די רעוואָלווער־לופע אויסגעשטרעקט צו זייערע קעפּ. עטלעכע פון די 10 איז געלונגען צו פאַרבלייבן ביים לעבן און זיין עדות פון דער היטלערישער מפלה.

די 20 מענטשן מיט זייערע משפחות און באַגאַזש זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין פויערישע פורלעך און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין ראַדאָמסק. דער פראָסט האָט געקנאַקט, אַן אייזיקער ווינט האָט געבלאָזן און טרויעריק געפייפט. איך האָב ווידער געזען דעם אומעטיקן קאַראַוואַן פון די אַוועקפאָרנדיקע. די אומגליקלעכע האָבן זיך איינגעטוליעט אין זייערע מאַנטלען און טיכער. זיי האָבן נישט געוווסט, אַז זיי פאָרן דעם לעצטן וועג. ווען זיי זענען דינסטיק אָוונט, דעם 3־טן יאַנואַר, אָנגעקומען קיין ראַדאָמסק, האָבן זיי ערשט דערזען זייער בראָך און אומגליק. זיי זענען אַריין גלייך אין פייער פון טויט און פאַרניכטונג.

דאָס געטאָ אין ראַדאָמסק איז שוין געווען באַוואַכט. מענטשן האָבן געפּרוווט אַרויסבאַקומען זיך פון געטאָ. אַ טייל איז דאָס געלונגען פאַר געלט אָדער ווערט־זאַכן. אַ סך זענען בעתן אַנטלויפן דערשאָסן געוואָרן. געווען פאַלן, ווען די וועכטער האָבן צוגענומען דאָס געלט ביי די יידן, געהייסן זיי גיין און גלייך געעפנט אויף זיי אַ פייער.

די טויזנטער יידן אין ראַדאָמסק זענען שוין יענע נאַכט נישט געשלאָפן. אָנגעפילט מיט פחד האָבן זיי געמאַכט דעם טרויעריקן בילאַנס פון אַלע ביז־

איצטיקע איבערלעבענישן. איצט קומט דער לעצטער עטאַפּ פון זייער גרויזאַמען וועג, איצט קומט דער פינאַל פון זייער טראַגעדיע.

מיטוואָך פרי, דער 6־טער יאַנואַר 1943, אַלע איינוווינער ווערן אַרויס־געטריבן פון זייערע שטובן און צונויפגעזאַמלט אויף איין פּלאַץ. דער פראָסט קנאַקט. אַרום איז אַ טיפער שניי. די מענטשן זענען צעבראָכן, מיד און הונגעריק. קיין ברויט קריגט מען נישט, ווייל שוין 2 טעג לעבט דאָס געטאָ אין טויט־שרעק.

דער מוראדיקער שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן. זשאַנדאַרמען, געסטאַפּאָ־לייט אין מחנות ווילדע אוקראַינער און ליטווינער באַלאַגערן דאָס געטאָ און הייבן אָן זייער בלוטיקע אַרבעט. עס זעט אויס, ווי דער אשמדאי וואָלט זיך באַפרייט פון זיינע קייטן און מיט זיינע מיליאָנען שדים געקומען אַהער צו אַ גרויזאַמען טויטן־טאַנץ. עס פאַלן אומצאָליקע קרבנות. אין בונקערס האָט מען אַנטדעקט אַ סך יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. מ׳האָט זיי אויפן אָרט דער־שאָסן.

אַ קליינע גרופּע שטייט באַזונדער. דאָס זענען די אַרבעטער פון דער פאַבריק „טאַנעס און מונדיס״. אַ סך יידן האָבן זיך געשטופּט צו דער גרופּע, אָבער ווייניקע פון זיי האָבן געהאַט דאָס מזל צו בלייבן צווישן די אויסדער־ווײלטע. מוראדיקע סצענעס האָבן דערביי זיך אָפּגעשפּילט. מענטשן האָבן זיך געשטויסן און געשטופּט איינער אויפן צווייטן. יעדער האָט געוואָלט זיין וואָס נענטער צום זשאַנדאַרם, וואָס האָט אויפגענומען די פּערסאָנאַליעס פון די, וועלכע האָבן געדאַרפט איבערבלייבן. די אוקראַינער האָבן געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס מיט די ביקסן־קאָלבעס.

בלויז 270 יידן זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אויף אַרבעט. אַלע איבעריקע פאַרזאַמלטע אויפן פּונקט האָט מען אַוועקגעפירט צו די צוגעגרייטע וואַגאָנען. פאַרן אַריינלאָזן זיי אין די וואַגאָנען האָט מען זיי אַלץ צוגענומען, אויסגעטאָן זיי די מלבושים און שיך, און ביי אַ מוראדיקן פראָסט האָט מען זיי האַלב־נאַקעטע אַריינגעשליידערט אין די קאַלטע לאַסט־וואַגאָנען. שעהן לאַנג זענען די וואַגאָנען געשטאַנען אויף דער באַן־סטאַציע אין ראַדאָמסק און ערשט אין אָוונט זענען די צוגן אַוועק אין דער ריכטונג פון טרעבלינקע.

אין ראַדאָמסקער געטאָ זענען נאָך אַ סך יידן פאַרבליבן באַהאַלטענע אין זייערע בונקערס, אָבער די נאַצישע תלינים האָבן זיי אַלע געפונען און אַריינ־געזעצט אין תפיסה, וווּ ס׳האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַן ערך פון 400 פּערזאָן. אין טייל יידישע שטובן האָט מען געפונען קליינע קינדער, וואָס די מוטערס האָבן

איבערגעלאָזט. אין איין בונקער, ווו ס'האָבן זיך באַהאַלטן עטלעכע צענדליק ייִדן, איז אויך געווען אַ פרוי מיט אַ קינד פון אַנדערהאַלבן יאָר. דאָס קינד האָט כסדר געוויינט און דערמיט געשטעלט אין סכנה דאָס לעבן פון אַלע באַהאַלטענע. מיט דער הסכמה פון דער מוטער האָט מען דאָס קינד דערשטיקט. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. מען האָט זיי אַלעמען סייווי שפּעטער אַנטדעקט און דערשאָסן.

די צונויפגעזאַמלטע אַנטדעקטע ייִדן האָט מען גרופּנווייז אַרויסגעפירט אויפן ייִדישן בית־עולם און דערשאָסן אַלעמען אָן אויסנאַם — מענער, פרויען און קינדער. איך האָב גערעדט מיט איינעם, וואָס האָט זיך געפונען אויפן בית־עולם צום דערשיסן, אָבער על פּי נס געראַטעוועט געוואָרן. ער האָט מיר איבערגעגעבן די פּרטים וועגן דער שוידערלעכער עקזעקוציע. די קרבנות זענען אויסגעלייגט געוואָרן אויף דער ערד מיט די פּנימער אַראָפּ, האַרט ביים ראַנד פון פריש־אויסגעגראָבענעם מאַסן־קבר. אין דער פּאָזיציע האָט מען זיי דער־שאָסן און באַלד אַריינגעשליידערט אין אָפענעם גרוב. אַ סך פון זיי האָבן נאָך געלעבט ווען מ'האָט אויף זיי געשאָטן די ערד.

ווער איז אימשטאַנד דאָס אַלץ צו גלייבן? ווער קאָן צוטראַכטן אַ שטראָף פאַר אַזעלכע גרויליקטאַטן און מערדערייען? אַזאַ שטראָף איז נאָך נישט באַ־שאַפן געוואָרן.

צווישן די ייִדן אויפן בית־עולם האָט זיך אויך געפונען צירל טענענבוים, די טאָכטער פון חיים טענענבוים, אַ מיידל פון 16 יאָר. זי איז געפאַלן צו די פיס פון לייטענאַנט קעמפּעניקס, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער עקזעקוציע. אַלע אירע תחנונים און געוויינען האָבן נישט געהאָלפן. מיט אַלע אַנדערע איז אויך זי דערשאָסן געוואָרן.

מיט דער לעצטער אויסזידלונג אין ראַדאָמסק איז פאַרענדיקט געוואָרן די געשיכטע פון ייִדישן ישוב אין זשאַרקי. עס זענען אומגעקומען די צייטווייליק אָפּגעראַטעוועטע זשאַרקער ייִדן, וואָס האָבן זיך אַ צייט געראַנגלט מיט זייער גורל, אַזויפיל פּיין און ליידן אַדורכגעמאַכט און כסדר געלאָפן פון פייער אין פייער. אויפן ראַדאָמסקער בית־עולם האָט זיי דער שונא אַריינבאַקומען אין זיינע לאַפּעס און אומגעבראַכט אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן.

*

אין חודש יאַנואַר 1943, נאָך דער לעצטער ראַדאָמסקער אויסזידלונג, איז אַ גריפּע זשאַרקער ייִדן אַנטלאָפן פון ראַדאָמסקער געטאָ, וואָס איז געווען אַרומ־

גערינגלט פון מחנות אוקראַינער, זשאַנדאַרמען און געסטאַפּאָ. צווישן די אַנטלאָ־פענע האָבן זיך געפונען מאָטל ראַפּאַפּאָרט מיט זיין משפחה, אַלע ראַפּאַפּאָרט מיט זיין 12 יאָריק טעכטערל, העניעק פּעסאַק, הערשל מאַנאַט און פיל אַנ־דערע — אומגעפער אַ 40 פּערזאָן. אַ טייל פון די אַנטרינענע יידן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרלאָזענע, איינגעפאַלענע הייזער, אויף בוידעמס און אין קעלערס.

דאָס איז געווען אינמיטן ווינטער און ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן ווי אַזוי זיי האָבן געליטן פון דער קעלט. דערביי זענען זיי אויסגעגאַנגען פון הונגער און יעדע מינוט זיך געפונען אין טויט־שרעק. די אַנטלאָפענע האָבן געהאַט גאַנץ קנאַפּע אויסזיכטן זיך צו ראַטעווען, אָבער זיי זענען געטריבן געוואָרן פון אַן אינערלעכן דראַנג, פון זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט. אָבער סוף כל סוף איז די מערהייט פון זיי אומגעקומען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

אַ קליינע צאָל פון די אַנטלאָפענע יידן האָט זיך אַריינגעשמוגלט אינעם הויז ווו ס׳האָבן געוווינט די 30 לעגאַלע יידן. דאָרט האָט מען זיי אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם. פון איין צימער האָט געפירט אַ פאַרמאַסקירטע טיר צום בוידעם. די לעגאַלע האָבן געשטעלט זייער לעבן אין געפאַר מיטן אויסבאַהאַלטן די אַנטלאָפענע יידן.

צווישן די יידן אויסבאַהאַלטענע אויפן בוידעם האָבן זיך געפונען: מאָטל ראַפּאַפּאָרט מיט זיין משפחה, אַלע ראַפּאַפּאָרט מיט זיין טאָכטער, הערשל מאַנאַט, קריינדל פלאַוונער א. א. אויך משה ראַטשטיין מיט זיין פרוי בעלאַ, פון דער היים גרונדלאַנד, וועלכע האָבן אַ צייט זיך געפונען ביי אַ פּויער — זענען געווען צווישן זיי.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די געשיכטע מיטן 15 יאָריקן יינגל יחיאל באָרענשטיין, אַ זון פון הערצל באָרענשטיין און אַן אייניקל פון אליעזר כזשאַ־נאָווסקי.

בעת דער לעצטער אויסזידלונג אין ראַדאָמסק האָט יחיאל זיך באַהאַלטן אין אַ מיסטקאַסטן און אָפּגעלעגן דאָרט 2 בעת־לעת. שפּעטער איז ער אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, זיך דערשלעפּט קיין זשאַרקי און געקומען צו אונדז צוזאַמען מיט זיינס אַ קוזין קאַראָל כזשאַנאָווסקי, אַ זון פון יהושע כזשאַנאָווסקי. מיר האָבן זיי אויך אַריינגענומען און באַהאַלטן אויפן בוידעם.

מיט אָט דעם יחיאל באָרענשטיין האָבן מיר געהאַט באַזונדערע צרות צוליב זיינע אָפּגעפרוירענע פיס. פרוי צביה פישער — פון די „לעגאַלע" — האָט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיטן יינגל. יעדן אָוונט האָט זי אים אַראָפּ־

גענומען פון בוידעם, געוואַשן און געווייקט אים די פיס, געשמירט מיט זאַלבן און באַנדאַזשירט.

ווען ס׳איז אים בעסער געוואָרן און ער האָט שוין געקאָנט גיין, האָט חיים טענענבוים אים צוזאַמען מיטן קוזין קאַראָל כזשאַנאָווסקי אַוועקגעפירט צו אַ פּאָליאַק בויאַנעק, וועלכער האָט זיי אַריבערגעפירט איבער דער גרענעץ אין רייך. דאָרט זענען זיי געשיקט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

קאַראָל כזשאַנאָווסקי האָט איבערגעלעבט די מלחמה — ער געפינט זיך היינט אין אַמעריקע. יחיאל באָרענשטיין אָבער איז אומגעקומען. דאָס אַרויס־שמוגלען די צוויי יינגלעך איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געלט־הוצאות און מיט סכנת נפשות. חיים טענענבוים האָט ביי דער אָפּעראַציע געשטעלט אין געפאַר זיין אייגן לעבן.

צוליב די אומלעגאַלע יידן האָבן די לעגאַלע געלעבט אין פּערמאַנענטער שרעק. אויב מ׳וואָלט געפינען אַפילו איין אומלעגאַלן ייד אין הויז פון די לעגאַלע, וואָלט מען אַלע אומגעבראַכט. קיין אויסוועג איז אָבער נישט געווען. די אומגליקלעכע האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין און מען האָט זיי געמוזט אויסבאַהאַלטן פאַרן אויג פון די נאַציסטישע מערדער.

אין פעברואַר איז געקומען צו אונדז אַ זשאַנדאַרם און בסוד איבערגעגעבן דעם פּרעזעס באָרענשטיין, אַז אויפצומאָרגנס דאַרף פאָרקומען אַ רעוויזיע אין הויז פון די לעגאַלע יידן. צו דעם צוועק קומט אַ זאָנדערגרופּע פון געסטאַפּאָ אין טשענסטאָכאָוו. מיר האָבן תיכף געמאַכט אַ באַראַטונג און באַשלאָסן אַריבערצופירן די אומלעגאַלע יידן אין אַ בונקער ביז די זאַך וועט ווערן אויפגעקלערט.

אויפן מאַרק האָט זיך געפונען דאָס הויז פון דער פאַמיליע לעווענבערג. מיר האָבן געוווּסט, אַז אין הויז געפינט זיך אַ בונקער. מיר האָבן אָנגעהויבן אַריבערפירן די אומלעגאַלע איינציקווייז אין בונקער. מיר האָבן דאָס געטאָן ביינאַכט און דאָס איבערפירן די לערך 20 אומלעגאַלע איז אַדורך בשלום.

זיי אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפן באָדן און געציטערט פון קעלט און שרעק. אין בונקער איז פשוט נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. פון מאַנגל אין לופט איז אוממעגלעך געווען אָנצוצינדן אַ ליכט. אָבער אין אָנבליק פון דער טויט־געפאַר זענען אַלע געווען צופרידן מיטן צייטווייליקן רעטונגס־אָרט.

צומאָרגנס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אַלאַרם האָט נישט געהאַט קיין גרונד און מיר האָבן אָנגעהויבן אין אָוונט צוריקברענגען די אומלעגאַלע אין אונדזער הויז. אין בונקער האָט זיי געדראָט דערשטיקט צו ווערן.

דאָס צוריקפירן די אומלעגאַלע פון מאַרק־פּלאַץ איז אויך פאָרגעקומען אויפן זעלבן אופן — ביסלעכווייז. בעת די לעצטע 3 יידן זענען געפירט געוואָרן פון בונקער — דאָס זענען געווען משה ראָטשטיין און אַלע ראַפּאָפּאָרט מיט זיין טעכטערל — איז אומגעריכט אָנגעקומען דער אונדז גוט־באַקאַנטער זשאַנדאַרם שיבערט און ער האָט תיכף באַמערקט וואָס דאָ קומט פאָר. אַלע ראַפּאָפּאָרטס טעכטערל האָט געהאַט פּגעפרוירענע פיס און נישט געקאָנט גיין. דער פאָטער האָט זי געטראָגן אויף די הענט און דאָס האָט צוגעצייגן די אויפמערקזאַמקייט פון זשאַנדאַרם. די 3 יידן זענען איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה.

ישראל באָרענשטיין האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצן איינפלוסביים לייטענאַנט שמיד, אַז מען זאָל די געכאַפּטע יידן איבערשיקן אין אַן אַרבעטס־לאַגער. ער האָט אים געגעבן אַ סך מתנות און באַקומען אַ צוזאָג פון לייטענאַנט, אַז ער וועט די 3 יידן שיקן אין אַ לאַגער. ער האָט אָבער נישט געהאַלטן וואָרט. צומאָרגנס, זעקס אַזייגער אין דער פרי, זענען די 3 אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם באַגלייט פון עטלעכע זשאַנדאַרמען און איין פוילישן פּאָליציאַנט און מ׳האָט די דריי יידן דערשאָסן.

משה ראָטשטיין ז״ל איז פון זיין פריסטער יוגנט אָן געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון השומר הצעיר, אַ דערציער און לערער פון זיינע ייגגערע חברים, תמיד אַ פריילעכער, פול מיט לעבן און ענערגיע. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון די נאַצישע מערדער אין בליענדיקן עלטער פון 30 יאָר. כבוד זיין אָנדענק!

דער פוילישער פּאָליציאַנט סאַטערניס, וואָס איז אָנוועזנדיק געווען בעת דער עקזעקוציע האָט פאַר מיר געשילדערט די גרויזאַמע סצענע פון דערשיסן די 3 יידן. די אומגליקלעכע האָבן יאָמערלעך געוויינט, געפאַלן זיך אין די אָרעמס און זיך געקושט. זיי זענען געפאַלן צו די פיס פון די רוצחים, וועלכע זענען געבליבן קאַלט און מערדעריש גלייכגילטיק. צוערשט זענען אַוועקגע־שטעלט געוואָרן משה ראָטשטיין און אַלע ראַפּאָפּאָרט און פון אַ נאָענטער דיסטאַנץ האָט מען זיי דערשאָסן. ווען די 12 יאָריקע טאָכטער פון אַלע ראַפּאָפּאָרט האָט געזען דאָס מוראדיקע בילד, האָט זי אָנגעהויבן יאָמערלעך צו שרייען. אירע געשרייען האָבן אויפגעציטערט דעם שטילן בית־עולם. נישט געקוקט אויף די קראַנקע אָפּגעפרויערנע פיס האָט דאָס מיידעלע אָנגעהויבן צו לויפן, געטוליעט זיך צו די קברים, געלאָפן ווי וואַנזיניק, געפאַלן און ווידער אויפ־געשטאַנען. די רוצחים האָבן זיך נאָך איר געיאָגט, זי געכאַפּט, געבונדן הענט אין פיס, אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און דערשאָסן. צוויי יידן פון די „לעגאַלע״, מאנע גרונדלאַנד און חיים טענענבוים ז״ל זענען געשיקט געוואָרן דורך דער

זשאַנדאַרמעריע קובר צו זיין די קרבנות. די דריי יידן זענען בקבר געוואָרן אין ברידער־קבר אויפן יידישן בית־עולם אין זשאַרקי אין חודש פעברואַר 1943.

*

די 270 איבערגעלאָזטע יידן אין ראַדאָמסק זענען געשיקט געוואָרן אין אַרבעטסלאַגערן, בעיקר — קיין סקאַרזשיסקאָ. צווישן די 270 זענען געווען עטלעכע צענדליק זשאַרקער. צווישן די, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג" אין סקאַרזשיסקאָ איז אויך געווען הערשל ראָטענבערג, וועל־כער איז שפּעטער פון דאָרט אַנטלאָפן. איך וויל דאָ איבערגעבן זיינע איינדרוקן ביים אַריינקומען אין „האַסאַג" סקאַרזשיסקאָ:

„ווען כ'בין אַריינגעקומען אין פאַבריק איז מיר פינצטער געוואָרן אויף דער נשמה. כ'האָב געהאַט דעם איינדרוק, ווי כ וואָלט געזען האַלב־טויטע מענטשן. אין די צעריסענע מלבושים, מיט די שוואַרצע פּנימער, שמוציקע און אויס־געדאַרטע — זענען זיי קוים ענלעך געווען צו מענטשן. די פאַבריק איז געווען איינע פון די גרעסטע אין פּוילן. דאָרט האָבן געאַרבעט 10 טויזנט אַרבעטער. פון זיי — 3 טויזנט פּאָליאַקן אַלס פרייע אַרבעטער וואָס האָבן באַקומען באַ־צאָלט פאַר דער אַרבעט. אַנדערש איז אָבער געווען דער מצב פון די יידישע צוואַנגס־אַרבעטער. זייער לעבן איז געווען אָפּגעשלאָסן הינטער די פאַבריקס־מויערן, ווו זיי האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט ווי קרעציקע הינט. זיי האָבן כסדר געלעבט אין דער שרעק פאַר סעלעקציע, טויט־שטראָף און אַנדערע צרות."

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון זיין שילדערונג וועגן דעם גיהנום אין סקאַרזשיסקאָ. אין דער ערשטער העלפט פון 1943 געלינגט אים צו אַנטלויפן פון דאָרט און ער קומט אין זיין געבורט־שטאָט זשאַרקי, ווו ער געפינט אַ בונ־קער ביי אַ באַקאַנטן קריסט. אָבער שפּעטער האָט דער פּאָליאַק צוגערויבט דאָס געלט ביי הערשל ראָטנבערג און אים דערמאָרדעט.

*

דער קאַלענדאַר ווייזט דעם 1־טן אַפּריל 1943. אין עטלעכע חדשים אַרום ענדיקן זיך 4 יאָר מלחמה, 4 יאָר יידישע מאַרטיראָלאָגיע, 4 יאָר פון איבער־מענטשלעכע ליידן און פּיין, 4 יאָר זינט דער טייוול איז אַוועק אין זיין ווילדן שדים־טאַנץ איבער גאַנץ אייראָפּע און יומעטום געזייעט טויט און פאַרניכטונג. טייכן בלוט און טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן.

דאָס מיטלאייראָפּעישע יידנטום איז שוין כמעט פאַרשוווּנדן. די גרעסטע

יידישע ישובים זענען אָפּגעווישט. אין די שטעט און שטעטלעך באַגעגנט מען שוין נישט מער קיין יידן. די הייפעלעך איבערגעבליבענע יידן בלוטיקן נאָך אָן אויפהער.

און אין דער צייט זיצן אין זשאַרקי 30 איבערגעלאָזענע לעגאַלע יידן. נאָך אַזאַ צאָל באַהאַלט זיך אויס אין די לעכער און אין בונקערס. די 30 „לעגאַלע" אַרבעטן שווער ביי בוי פון שטאַלן און גאַראַזשן פאַר די דייטשישע זשאַנדאַר־מעריע, ווי געטרייע אייניקלעך פון זייערע זיידעס אין מצרים מיט 4 טויזנט יאָר צוריק. עטלעכע אומלעגאַלע יידן געפינען זיך אויפן בוידעם פון אונדזער הויז אין אַ בונקער. זייער לעבן איז שווער און טרויעריק. יעדער מינדסטער שאָרך פון ערגעץ מאַכט זיי אויפציטערן.

אַלע, די לעגאַלע ווי די אומלעגאַלע, ווייסן גוט, אַז דער אורטייל איבער זיי איז דער זעלבער. איין אונטערשיד בלויז איז פאַראַן: דאָס איז דער טערמין פון אויספירן דעם אורטייל. און ס'ווילט זיך אַזוי לעבן, ס'ווילט זיך אַזוי פאַר־לענגערן דאָס אויספירן דעם אורטייל! אַלע זענען נאָך יונג, דאָס לעבן רופט און לאָקט.

אויפן בוידעם איז פאַראַן אַ קליין פענצטערל. די זון גנבעט זיך דורך דאָרט אַריין מיט אַ פּאָר קאַרגע שטראַלן. פון גאַס דערגייט אַ גערודער. אַ באַ־וועגונג פון מענטשן, אָבער נישט פון קיין יידן, נאָר פון קריסטן, וואָס טומלען און שטיפן מיט זייערע קינדער. זיי לעבן, זיי האָבן רעכט צו לעבן. מיר זענען פאַרמשפט. דאָס הילכיקע געלעכטער פון אונדזערע קליינע קינדערלעך איז שוין פון לאַנג פאַרשוווּנדן, און מיר, דאָס הייפל יידן אין זשאַרקי, טראָגן שוין מיט זיך דעם טויט־אורטייל. מיר זענען געפערלעכע פאַרברעכער. אונדזער פאַרברעכן באַשטייט אין דעם, וואָס מיר זענען יידן.

מיר זיצן דאָ ווי אויף אַן אינדזל. אַרום אונדז שטורעמט דער ים, ס'לויפן געשעענישן, אַלגעמיינע און ספּעציעל יידישע. ס'איז שווער אויפצוכאַפּן די אַלע פּאַסירונגען, וואָס קומען פאָר אַרום אונדז. דער איינציקער קוואַל פון אונדזערע קאַרגע ידיעות אין יענער צייט זענען די קריסטן, וואָס מעגן זיך באַוועגן און פאָרן אומגעשטערט. מיר זענען בלויז שטילע אָבסערוואַטאָרן פון דעם אַלעם, וואָס עס קומט פאָר אין דרויסן.

מיר אַלע אין זשאַרקי ווייסן, אַז אונדזערע שאַנסן איבערצולעבן די גרויזאַמע קאַטאַסטראָפע זענען קליינע ביז אַ מינימום. אונדזער צאָל ווערט וואָס אַמאָל קלענער. אָבער דאָס לעבן פון די אומלעגאַלע יידן איז באַזונדערס שווער. יעדע מינוט זעען זיי דעם טויט פאַר די אויגן. זיי יאָגן זיך מיטן שונא ווי

אַ קאַץ מיט אַ מויז. ווען די זשאַנדאַרמעריע קומט אָן אין הויז פון איין זייט — אַנטלויפן זיי אין דער צווייטער.

אַזוי זעט אויס דאָס לעבן פון דעם רעשטל יידן אין זשאַרקי. אָפטמאָל זענען מיר מקנא יענע, וואָס זענען שוין פון לאַנג אַוועק. אונדז איז באַשערט דער ערגסטער גורל. מיר דאַרפן זיין די לעצטע צושויער פון דער בלוטיקער דראַמע, פון די גרויזאַמסטע בילדער און סצענעס, וועלכע זעען אויס אַזוי אומגלויבלעך, ווי אַ בייזער חלום.

צו דער צייט שווימט אויף פון דער בלוט־באַד אין איראָפּע אַן אינטער־נאַציאָנאַלע פּרעסע־קאָנפערענץ, גערופן פון היטלערס פּרעסע־שעף ד״ר דיטריך. דער ד״ר דיטריך רעדט צו דער וועלט און רופט די איראָפּעישע זשורנאַליסטן אָנצוהייבן דעם קאַמף פאַרן נייעם איראָפּע, וואָס היטלער וויל בויען אויף יסודות פון אַלגעמיינער גערעכטיקייט. איראָפּע — זאָגט ער — איז דאָס געוויסן פון דער מענטשהייט. איראָפּע האָט געשאַפן די וועלט־קולטור. איצט קומען רוסלאַנד, ענגלאַנד און אַמעריקע און מיט זייער באַרבאַריזם ווילן זיי אומברענגען די אַלטע איראָפּעישע קולטור. ער רעכנט אויס די אַלע קולטור־טרעגער, דערפינדער, דיכטער, דענקער, מוזיקער און מאָלער, וועלכע האָבן גע־שאַפן די אומשטערבלעכע איראָפּעישע קולטור.

ווען אַזאַ צייטונג איז דעמאָלט אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט, האָט דאָס מיך אויפגעברויזט ביזן טיפסטן תהום פון מיין נשמה. אַן אוממעכטיקער צאָרן האָט מיך באַהערשט און איך האָב פאַרצייכנט פאַלגנדיקע ווערטער ווי אַן ענט־פער היטלערס פּרעסע־שעף דיטריך:

ס׳איז אמת. באַקאַטשיאָ, קעפּלער, גאַליליי און דזשאָרדזשאָנאָ ברונאָ האָבן געשטורעמט די סכאָלאַסטישע ווענט פונעם פינצטערן מיטלאַלטער. זיי האָבן געקעמפט פאַרן פרייען מענטשלעכן געדאַנק, פאַר פרייהייט און ליכט. און איר, וואַמפּירן, האָט אַריינגעשטויסן די מענטשהייט אין דער גרעסטער פינצטערניש. אייער באַרבאַריזם מאַכט בלאָס די פאַרברעכנס פון אַלע צייטן.

ס׳איז ריכטיק. אַזעלכע מאָלער ווי רעמבראַנדט, ראַפאַעל און רובינס האָבן געשאַפן מאָנומענטאַלע ווערק אין דער איראָפּעישער קונסט. און איר, ווילדע הונטן, האָט אויך געמאָלן. איר האָט געמאָלן אייער בילד מיט איין פאַרב, מיט איין רויטער פאַרב — מיטן בלוט פון מיליאָנען אומשולדיק אומגעבראַכטע מענער, פרויען און קינדער.

אוודאי. געטע און שילער, היינע און בערנע האָבן געגעבן פאַר איראָפּע און פאַר דער גאַנצער וועלט מוסטערן פון דער העכסטער פּאָעזיע. און איר

האָט געגעבן דער וועלט איין אומשטערבלעכע פּאָעטישע שאַפונג, דאָס האָרסט וועסעל־ליד: „ווען יודען בלוט פאַם מעסער שפּריצט!".

יאָ. אייראָפּעישע מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרן, די באַכס און בעטהאָווענס, די שאָפּענס און מענדעלסאָנס האָבן געשאַפן די הימלישע קלאַנגען, די מוזיק וואָס היילט הערצער און נשמות. און איר, בעסטיעס, האָט אויך געשאַפן אייער קאָמפּאָזיציע. איר זינגט פאַר דער וועלט אייער אייביק בלוטדורשטיק ליד „דויטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעם!".

גרויס און מעכטיק איז געווען די אייראָפּעישע קולטור און איר האָט אָנ־געצונדן אַ וועלט־פייער פון אַ מולך, אין וועלכן איר האָט פאַרברענט די קולטור־דערגרייכונגען פון הונדערטער יאָרן. אייער מאָראַל און עטיק זענען געבויט אויף האַס, אויף בלוט און טרערן, אויף אומגליק און פּיין, אויף נויט און ליידן. אייער קולטור איז: אָשוויענטשים, בעלזשעץ און טרעבלינקעס.

*

די געשיכטע פון יידן אין אונדזער שטעטל קומט צו איר פינאַל. די 30 אומלעגאַלע יידן האָבן געלעבט, ווי געזאָגט אין שטענדיקער טויט־שרעק און אין שווערע באַדינגונגען. די 30 לעגאַלע יידן האָבן אָבער געלעבט אין גענוג גוטע באַדינגונגען. זיי האָבן געאַרבעט און געוווינט אין באַקוועמע דירות. זייער אַרבעט און בלייבן אין זשאַרקי איז געווען אָפּהענגיק פון 3 אינסטאַנצן. די ערשטע איז געווען די זשאַנדאַרמעריע מיטן לייטענאַנט יוזעף שמיד בראש. ער האָט געבעטן ביי די העכערע קרייזמאַכטהאָבער די 30 יידן צו פאַרשידענע אַרבעט. ער האָט זיי אויך צו יעדער צייט געקאָנט ליקווידירן. די 30 יידן האָבן אים ממש באַשאָטן מיט מתנות און געגעבן אים אַלץ, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. פאַר אים פּערזענלעך האָט סטאַביל געאַרבעט אַ שניידער נפתלי ראַבינאָוויטש. ער האָט גענייט פאַר אים אַלע מלבושים, מיליטערישע און ציווילע, און אויך פאַר זיין פאַמיליע אין דייטשלאַנד. גאַנצע מענגעס מלבושים זענען אַהין געשיקט געוואָרן. אויך פאַר די אַנדערע זשאַנדאַרמען האָט נפתלי ראַבינאָוויטש גענייט. די 30 יידן האָבן צוגעשטעלט פאַר דעם זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן אַלץ וואָס אים איז געווען נייטיק, באַזונדערס — די אַרטיקלען, וואָס איז געווען שווער צו באַקומען, ווי פלייש, פּוטער, אייער, קאַווע, קאַקאַאָ, טיי און טייערע געטראַנקען.

די צווייטע אינסטאַנץ, פון וועלכער ס'איז געווען אָפּהענגיק דאָס לעבן פון דער קליינער צאָל זשאַרקער יידן איז געווען הויפּטמאַן דאלע אין טשענסטאָכאָוו. אויך ער האָט נישט ווייניק אַרויסגעשלעפּט פון די יידן אין זשאַרקי. יעדע

וואָך פלעגט ער קומען אין שטעטל און אַוועקפירן די פּעקלעך, וואָס זענען שוין געווען פאַר אים צוגעגרייט. ער האָט אויך באַקומען גאָלד און אַנדערע ווערט־פולע חפצים.

די דריטע אינסטאַנץ איז געווען די געסטאַפּאָ אין ראַדאָם. מיט דער לעצטער האָבן שוין די יידן אין זשאַרקי קיין דירעקטן קאָנטאַקט נישט גע־האַט.

אין יוני 1943 איז געקומען אַ באַפעל פון דער געסטאַפּאָ אין ראַדאָם צו־ ליקווידירן די 30 יידן אין זשאַרקי. אַדאַנק דער אינטערווענץ פון די אויבנ־ דערמאָנטע צוויי ערשטע אינסטאַנצן איז דער אורטייל נישט אויסגעפירט גע־ וואָרן.

דעם 3־טן יולי ווערט דאָס הויז פון די 30 לעגאַלע יידן אַרומגערינגלט פון זשאַנדאַרמעריע און אַלע איינוווינער פירט מען אַוועק אין שול. דאָ בלייבן זיי עטלעכע טעג ביז עס קומט אַ לאַסט־אויטאָ פון דער אַמוניציע־פאַבריק אין פּיאָנקי מיט 8 אוקראַינער פון דער ווערקשוץ־מאַנשאַפט. דעם געוועזענעם פּרעזעס פון יודענראַט, ישראל באַרענשטיין, געלונגט צו פועלן ביים לייטענאַנט שמיד, אַז ער זאָל דערלויבן מיטנעמען עטלעכע אומלעגאַלע יידן, וועלכע זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין דער באָד־אַנשטאַלט. אַדאַנק דער לעצטער אינטערווענץ פון ישראל באַרענשטיין זענען געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט אַ קליינע צאָל יידן, וועלכע זענען אין יולי 1943 אַוועק צוזאַמען מיט די לעגאַלע יידן אין אַרבעטס־לאַגער און איבערגעלעבט די מלחמה.

צו זיי געהערן צווישן אַנדערע: די פאַמיליע וואָלהענדלער, הלל גאָלדמאַן — איצט אין ישראל, פרוי וויינריב, זאָשע דוימאַן. זייער לעבן האָבן זיי צו פאַר־ דאַנקען דער לעצטער אינטערווענץ פון ישראל באַרענשטיין, וועלכער האָט אַליין נישט איבערגעלעבט די מלחמה.

בעת דער לאַסט־אויטאָ מיט די אוקראַינער האָט שוין געוואַרט אין דרויסן זענען 3 פּערזאָן פון צווישן די יידן אין שול אַנטלאָפן, אַרויסשפּרינגנדיק פון דאָרט דורך אַ קליין פענצטערל. די דאָזיקע דריי יידן זענען געווען: משה זבאַראָווסקי, מאָנע גרונדלאַנד און אליעזר ראָטענבערג. משה זבאַראָווסקי איז געכאַפּט געוואָרן דורך פּאָליאַקן און ביז היינט איז פון אים נישטאָ קיין שפּור. ס׳איז כמעט ווי זיכער, אַז ער איז דורך די פּאָליאַקן דערהרגעט געוואָרן. אַליעזר ראָטענבערג און מאָנע גרונדלאַנד זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ פּאָליאַק מיט זיינע צוויי זין. די פּאָליאַקן האָבן ביי זיי אַראָפּגעצויגן די שיך און באַרוועסערהייט געבראַכט זיי צוריק אין שטאָט צו דער זשאַנדאַרמעריע.

מ'האָט זיי שוין געשטעלט צו דער וואַנט אויף דערשיסן, אָבער ישראל באָרענ־שטיין האָט ווידער געפּועלט ביים לייטענאַנט שמיד, אַז מען זאָל זיי שיקן מיט די אַנדערע יידן קיין פּיאַנקי. אליעזר ראָטענבערג האָט איבערגעלעבט אַלע לאַגערן און הײַנט צו טאָג איז ער אין ישראל. מאַנע גרונדלאַנד דאַקעגן איז פֿאַרשניטן געוואָרן אין זיין פריסטער יוגנט דורך די נאַצישע מערדער.

דער לאָסט־אויטאָ מיט די לעצטע יידן פון זשאַרקי איז אָוועק. מען האָט זיי געבראַכט אין לאַגער, ווו נאָך טויזנטער יידן האָבן וועגעטירט און געליטן. אַזוי איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דאָס קאַפּיטל זשאַרקי — דאָס יידישע שטעטל מיט אַ טראַדיציע פון הונדערטער יאָרן יידיש לעבן.

*

שטאַרק איז דער זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט ביי מענטשן, אָבער ספּעציעל שטאַרק קומט ער צום אויסדרוק דעמאָלט, ווען מען פילט זיך באַדראָט אין לעבן. גרויס איז געווען דער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, דער ווילן צו בלייבן לעבן האָט געשטויסן דעם מענטשן צו אַלע אָנשטרענגונגען, צו זוכן אַלע מיטלען אויסצומיידן דעם אומקום. אַ שטעטל האָט געפיבערט און געקלאָמערט זיך אין לעבן. אָבער נאָך גרעסער איז געווען דער ווילדער מאָרד־שגעון פון שונא, און דערפאַר איז דאָס צאַפּלען זיך פון די קרבנות געווען אַזוי שווער, אַזוי שווער.

איך וויל דאָ באַשרייבן איינע פון די פאַמיליעס אין זשאַרקי, וואָס האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען כדי צו בלייבן לעבן. די געשיכטע פון דער פאַמיליע איז אַ אילוסטראַציע פון יאָגן זיך מיטן טויט, פון מענטשלעכן אינסטינקט, וואָס קעמפט פאַר קיום. דאָס איז אַ געשיכטע פון לויפן און וואַנדערן, פון אויס־באַהאַלטן זיך אין לעכער און אין בונקערס, פוןליידן הונגער און קעלט — און צום סוף אַריינפאַלן אין די לאַפּעס פון היטלעריסטישע הינט. דאָס איז די געשיכטע פון דער פאַמיליע נ.נבערג.

די משפחה נ.נבערג איז באַשטאַנען פון 4 פערזאָן: מאַן, פרוי און צוויי זין. מאַטעריעל איז די פאַמיליע געווען גוט אָוועקגעשטעלט. זיי האָבן געהאַט אַ טראַפיק־געשעפט, ד.ה. פון טאַבאַק, דראַגעריע־אַרטיקלען און צייטונגען. אויך אין דער מלחמה־צייט ביז דער אויסזידלונג אין אָקטאָבער 1942 האָט די פאַ־מיליע נ.נבערג ווייניק געליטן אַדאַנק דעם, וואָס זי איז געווען גוט איינ־געאָרדנט מאַטעריעל. זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויסצוקויפן פון שווערער פיזישער אַרבעט, פון אַרויסגעשיקט ווערן אין לאַגער און ענלעכע גזירות.

אין סעפּטעמבער 1942, ווען ס'האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען וועגן אַ נאָענטער אויסזידלונג פון זשאַרקי, איז די פאַמיליע נונבערג געווען פון די ערשטע, וואָס האָט ליקווידירט און אויספאַרקויפט דאָס גאַנצע פאַרמעגן און באַצייטנס אַנטלאָפן פון זשאַרקי קיין וואָלבראָם, ווו ס'האָבן געלעבט אַ ביסל יידן, איבערגעלאָזענע נאָך דער אויסזידלונג, וואָס איז שוין דאָרט געהאַט פאָרגעקומען אין וואָלבראָם האָט די פאַמיליע נונבערג געלעבט אַ לענגערע צייט ביז ס'איז געקומען די צווייטע און לעצטע אויסזידלונג אין וואָלבראָם. דעמאָלט, ביי דער צווייטער אויסזידלונג אַנטלויפט די פאַמיליע צוריק קיין זשאַרקי און באַהאַלט זיך דאָ אויס אויף אַ בוידעם. דאָס איז געווען אין אָנהייב ווינטער 43—1942. מיטן פאַרעפנטלעכן די פאַראָרדענונג וועגן שאַפן אַ געטאָ אין ראַדאָמסק פאָרט די פאַמיליע נונבערג, צוזאַמען מיט אַנדערע אויסבאַהאַלטענע יידן, קיין ראַדאָמסק. דאָרט לעבט די דאָזיקע משפּחה גענוג רואיק, ווייל געלט האָבן זיי נאָך גענוג, און פאַר געלט קאָן מען אין געטאָ אַלץ באַקומען.

אָבער ווי כ'האָב שוין באַמערקט, איז דאָס שאַפן די נייע געטאָס געווען בלויז אַ טריק פון דער היטלער־מאַכט אויף אַריינצובאַקומען די קרבנות אין איר נעץ. נאָך עטלעכע וואָכן איז דאָס ראַדאָמסקער געטאָ ווידער ליקווידירט געוואָרן.

די פאַמיליע נונבערג רעזיגנירט נישט און נעמט אונטער ווייטערדיקע שריט זיך צו ראַטעווען. זי קויפט אָפּ די וואַך און עס געלינגט איר צו אַנט־לויפן פון געטאָ קיין טשענסטאָכאָוו. אין יענער צייט האָט נאָך דאָרט עקזיסטירט דאָס קליינע געטאָ מיט אַן אָנגעזעענע צאָל יידן. אין טשענסטאָכאָוו טרעפן זיי זייערס אַ קרוב אברהם סאָיקע, וועלכער העלפט זיי. אָבער אויך דאָ קאָנען די נונבערגס לאַנג נישט בלייבן. פאַר דער ליקווידאַציע פונעם טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ, אַנטלויפן זיי פון דאָרט און קומען ווידער קיין זשאַרקי.

אין זשאַרקי געפינען זיך נאָך דעמאָלט די 30 לעגאַלע יידן, אָבער זיי קאָנען די פאַמיליע נונבערג נישט אויפנעמען. די לעגאַלע זענען פאַראַנטוואָרטלעך מיט זייער לעבן פאַר יעדן אומלעגאַלן וואָס מ'וועט ביי זיי טרעפן. די נונבערגס זענען שוין לחלוטין דערשעפּט, פון די אַלע וואַנדערונגען און איבערלעבענישן זענען זיי פיזיש און מאַטעריעל רואינירט. די לעגאַלע יידן שאַפן אַ סומע געלט פאַר דער פאַמיליע נונבערג און זי באַהאַלט זיך אויס ביי אַ פּויער אין אַ דערפל נאָענט פון זשאַרקי.

ביי דער פאַמיליע נונבערג האָט פאַר דער מלחמה געאַרבעט אַ סך יאָרן

אַ פּוילישע הויז־דינערין. איצט האָט זי געשטיצט אירע געוועזענע ברויטגעבער אין זיי שטאַרק געהאָלפן. זי האָט פאַר זיי איינגעקויפט אַלע נייטיקע שפּייז־פּראָדוקטן. זי איז אויך געווען אין קאָנטאַקט מיט די לעגאַלע 30 יידן, וועלכע האָבן איר פון צייט צו צייט געגעבן געלט פאַר די נונבערגס.

פאַר די נונבערגס קומען איצט ביטערע צייטן. די 30 לעגאַלע יידן פון זשאַרקי זענען שוין אויך אַוועק. די פאַמיליע בלייבט אָן יעדער שטיצע. דורך דער פאַרמיטלונג פון דער קריסטין באַקומען די נונבערגס אַ ביסל מאַטעריעלע הילף פון זייערס אַ קרוב, וואָס איז דאַן נאָך געווען אין זאַוויערטשער געטאָ.

אָבער ס'איז געשען אַמאָל, אַז די געוועזענע דינסט פון די נונבערגס האָט זיך צעקריגט מיט אירס אַ שוועגערין. יענע האָט זיך געוואָלט נוקם זיין, איז זי אַוועק אין זשאַנדאַרמעריע און דערציילט וועגן דעם אַלעם, וואָס די קריסטין טוט פאַר די זשידעס. די פּאָלקע איז תיכף אַרעסטירט געוואָרן און נאָך עטלעכע טעג זיצן אין תפיסה איז זי אַוועקגעשיקט געוואָרן פון זשאַרקי און זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט.

די נונבערגס האָבן באַצייטנס וועגן דעם זיך דערוווּסט און אַנטלאָפן פון זייער באַהעלטעניש. ווען די זשאַנדאַרמעריע איז געקומען זיי נעמען — זענען זיי שוין דאָרט נישט געווען. דער פּאָליאַק, ביי וועלכן די נונבערגס זענען געווען אויסבאַהאַלטן, איז אויך אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט געוואָרן.

ס'איז געווען אינמיטן ווינטער און די נונבערגס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. קיינער האָט זי נישט אַריינגעלאָזט, קיין געלט האָבן זיי שוין נישט געהאַט. זיי האָבן מערסטנס אַרומגעבלאָנקעט אין וואַלד אונטערן פרייען הימל.

אין איינעם אָן אָוונט קומט די פרוי נונבערג אין שטאָט אַריין. זי גייט אַריין צו אַ בעקער קויפן ברויט, אָבער יענער וויל איר קיין ברויט נישט פאַרקויפן. אַ פאַרצווייפלטע גייט זי איבער דער שטאָט אָן אַ ציל. דאָרט אין וואַלד וואַרטן אויף איר די הונגעריקע מאַן און קינדער. אַזוי גייענדיק קומט זי צו צו איר געוועזענער וווינונג. זי גייט אַריין אין טויער און דורך אַ פענצטער קוקט זי אַריין אינעווייניק. אינעווייניק איז ליכטיק און וואַרעם. ביי אַ געדעקטן טיש זיצט אַ פּאָליאַק מיט זיין משפחה און זיי עסן אַ געשמאַקן אָוונטברויט.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס עס לעבט איבער אָט די אומגליקלעכע פרוי און מוטער. דאָ, אין דער שטוב האָט זי פאַרבראַכט כמעט דאָס גאַנצע לעבן; דאָ האָט זי גענאָסן פון אַזויפיל פרייד און גליק; דאָ האָט זי דערצויגן אירע קינדער, וועלכע וואַרטן איצט הונגעריקע און געפרוירענע אין וואַלד. עס פאַלט

איר איין אַ געדאַנק אַנצוקלאַפּן אין פענצטער. עס קומט אַרויס דער פּאָליאַק — דער דראָגעריסט מאַשטשינסקי. אַ גוט־באַקאַנטער שונא ישראל און אַן אייביקער קאָנקורענט פון די נונבערגס. זי בעט אים, אַז ער זאָל איר מיט עפּעס העלפן. אַז ער זאָל איר געבן אַ ביסל ברויט פאַר זיך און אירע נאָענטע. דער פּאָליאַק הייסט זי וואַרטן און דערווייל שיקט ער איינעם פון זיינע זין אין דער זשאַנ־דאַרמעריע, וועלכע קומט באַלד אָן און אַרעסטירט זי.

די אומגליקלעכע פרוי נונבערג איז איינגעזעצט געוואָרן אין טורמע און אויפצומאָרגנס 6 אין דער פרי האָט מען זי דערשאָסן.

אומזיסט האָבן דער מאַן און די צוויי קינדער געוואַרט אויף זייער פרוי און מוטער. דער מאַן מיט איין זון זענען דאַן אַוועק אין איין ריכטונג און דער צווייטער זון — אין אַן אַנדערער. זיי האָבן זיך צעטיילט, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט און נישט געקאָנט צוזען זייער געמיינזאַמען צער.

אַזוי האָבן זיי געוואַנדערט איבער דערפער, געבעטלט ביי די פּויערים אַ שטיקל ברויט, גענעכטיקט אונטערן פרייען הימל און געליטן קעלט און הונגער.

נאָך אַ געוויסער צייט זענען די צוויי — פאָטער און זון — אָנגעקומען קיין זשאַרקי און אַריין צו זייערס אַ באַקאַנטן פּאָליאַק בעטן ברויט. אויך דאָ האָט געטראָפן דאָס זעלבע, וואָס מיט דער פרוי נונבערג. דער קריסט האָט זיי אויסגעגעבן דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט זיי דערשאָסן.

דער לעצטער פון דער פאַמיליע נונבערג האָט זיך נאָך אַרומגעוואַלגערט אַ שטיקל צייט, געבעטלט ביי די פּויערים, געשלאָפן אין דרויסן אָדער ערגעץ־ווו אין אַ חורבה. אַמאָל איז ער אַריין אין אַ שייער און זיך אַוועקגעלייגט אין שטרוי. דערנעבן איז צופעליק פאַרבייגעגאַנגען אַ פּאָליאַק און געהערט אַ הוסט פון אינעווייניק. ער איז אַריין צום אייגנטימער און אים געפרעגט, ווער עס געפינט זיך ביי אים אין שייער. דער פּויער האָט פון גאָרנישט נישט געוווסט און ער איז צוזאַמען מיטן אַדורכגייער אַריין אין שייער. דאָרט האָבן זיי געפונען דעם זשיד. דער אייגנטימער פון שייער האָט נונבערגן געוואָלט פריילאָזן. אָבער דער צווייטער פּאָליאַק האָט דאָס נישט דערלויבט — ער האָט דעם ייד געבראַכט אין דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט אים תיכף דערשאָסן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די מאַרטיראָלאָגיע פון אַ משפחה, וואָס האָט געפירט אַ פאַרביטערטן געראַנגל פאַרן לעבן און לסוף פאַרשניטן געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים. אַזוי האָט אויך אויסגעזען דער קאַמף פון הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס האָבן מיט אַלע כוחות זיך געקלאַמערט פאַרן קיום. טויזנטער

און צענדליקער טויזנטער האָבן געפירט אַ דעם קאַמף מיט פאַרשידענע מיטלען. טייל — שטיל, מיט אַלע אָנשטרענגונגען איבערצולעבן די היטלעריסטישע מאָרד־תקופה, און אַנדערע — אַקטיוו, מיט געווער אין האַנט אָבער אומפאַר־גלייכלעך שטאַרקער איז געווען דער שונא, וואָס האָט אומעטום געזייט טויט און פאַרניכטונג.

*

ווען מיר דערמאָנען זיך אין דעם אַלעם, וויינט אין אונדז די נשמה. אַן אייביקער טרויער איז געבליבן אין אונדזערע הערצער און קיינמאָל וועלן מיר זיך שוין פון אים נישט באַפרייען. שטענדיק וועלן מיר דיך געדענקען, טייער שטעטעלע אונדזערס; אייביק וועט איר בלייבן אין אונדזער זכרון, טייערסטע אונדזערע — ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס, וואָס איר זענט אומגעבראַכט געוואָרן בלויז פאַר איין זינד: פאַר זיין יידן.

איך זע דיך איצט, מיין שטעטעלע זשאַרקי, ווי דו ליגסט אין חורבות. אין דיינע שטובן וווינען אונדזערע שונאים, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן די היטלע־ריסטן אין זייערע רציחות. ווי אַ מתנה קראָען האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף דיין נאָך וואַרעמען קערפּער און געפּיקט און געפרעסן, געקראַקעט מיט ווילדער פרייד אויף דיין חורבן.

שוין נאָכן שטורעם. נאָס איז נאָך די ערד פון דיין בלוט, פריש זענען נאָך די קברים, איבער זיי טאַנצן דיינע שונאים, פרייען זיך און לאַכן, פאַרכלינען זיך פון פרייד אויף דעם אומגליק, וואָס דיך האָט געטראָפן.

איך בלאָנדזשע איבער דיינע פוסט־געוואָרענע גאַסן און געסלעך, שטעטעלע מיינס! איך זוך אַ שפור פון לעבן, וואָס איז אויסגעלאָשן געוואָרן. איך וויל פאַרנעמען כאָטש אַ שאָרך פון דער באַוועגונג, וואָס האָט דאָ אַמאָל געברויזט. אָבער אומזיסט. טויב און שטום זענען די גאַסן. מען הערט נישט מער דאָס געלעכטער פון די יידישע קינדערלעך, וואָס האָבן אַמאָל דאָ זיך געשפּילט. פאַרשטומט איז געוואָרן דער גמרא־ניגון, וואָס האָט זיך געטראָגן פון בית־המדרש. אָפּגעהאַקט איז געוואָרן דאָס קול פון די מתפללים אין די שולן און שטיבלעך. אויף אייביק זענען פאַרשוווּנדן די פריידיקע יום־טובים. אויף תמיד איז דאָרט איבערגעריסן געוואָרן דאָס ליד פון האָפענונג און בענקשאַפט פון דער טייערער יוגנט — די „התקוה", וואָס האָט אויסגעזונגען פון זייערע נשמות דאָס ליד פון ציון, דאָס ליד פון גאולה.

זיי געטרייסט, אונדזער שטעטל! מיר אַלע ביים לעבן פאַרבליבענע וועלן אויף אייביק טראָגן אין אונדזערע הערצער דיין אָנדענק. דו ביסט געפאַלן

אַ קרבן צוזאַמען מיט הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. דו האָסט געטיילט דעם ביטערן גורל אין חורבן און אומקום פון זעקס מיליאָן יידן.

מיר, די לעבנגעבליבענע, זענען דער טראַגישסטער דור אין דער יידישער מאַרטירער־געשיכטע. אונדז איז באַשערט געווען אויסצוטרינקען דעם ביטערן טרערן־כוס ביזן דעק. אויף אונדזערע פּלייצעס האָבן מיר אויסגעטראָגן דעם גאַנצן גרויל פון חורבן און אומקום.

אָבער גלייכצייטיק געהערן מיר צו דעם גליקלעכסטן פון צווישן די 70 דורות, וואָס האָבן געחלומט און געבענקט צו גאולה און פרייהייט. מיר טראָגן אויף זיך אויך די חבלי־לידה פון ווידערגעבורט פון פאָלק און לאַנד. מיר זענען געווען עדות פון חורבן און פאַרניכטונג, און מיר זענען אויך עדות ווי פון חורבן און צעשטערונג איז אויפגעשטאַנען צו תחית המתים אַ פאָלק אין זיין אייגן לאַנד. דעם שונא איז נישט געלונגען אונדז אומצוברענגען און פאַר־ניכטן. אויף די חורבות אַנטשטייט אַ פריי פאָלק אין אַ פריי לאַנד — מדינת ישראל.

אינעם אויפבלי פון מדינת ישראל געפינען מיר אונדזער טרייסט. און אויך אין אונדזער פרייד וועלן מיר דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, טייער שטע־טעלע זשאַרקי. אויף אַלע אייביקייטן וועסטו פאַרבלייבן אין אונדזער זכרון, און צוזאַמען מיט דער טרער, וואָס וועט קיינמאָל נישט אויסטריקענען אין אונדזער אויג, וועלן מיר אויסשרייען: **עם ישראל חי!**

**יעקב (יאנטשע) פישו**

## בלעטלעך פון דער טרויעריקער פאַרגאַנגענהייט

יולי 1939.

דאָס גאַנצע שטעטל איז פול מיט טרויעריקע בשורות, וואָס טראָגן זיך איבער אַלע עקן פוילן און מאַכן אויפציטערן די הערצער. אונדזער שטעטל זשאַרקי האָט שטענדיק זיך אויסגעצייכנט מיט לעבעדיקייט. באַזונדערס זומער, ווען אַ סך מענטשן זענען אַהערגעקומען געניסן פון דער פרישער לופט און די וועלדער זענען פול געוואָרן מיט געסט פון אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. דאָס מאָל האָבן זיי אויסגעמיטן צו קומען.

אַן אומעט און אַ פּוסטקייט פילט זיך אין אַלע גאַסן. די מענטשן גייען אַרום

מיט פאַרזאָרגטע פּנימער. די פּרנסה איז בדוחק. יעדער אַרבעט און באַמיט זיך צו זיין פאַרנומען, כדי אויסצומיידן שווערע מחשבות און נישט צו טראַכטן, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. מען נייט און מען גרייט צו מלבושים, שיך, היטלען, נישט וויסנדיק צו וואָס און פאַר ווען.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אין די לעצטע טעג פון חודש יולי 1939. אַלע האָבן גערעדט וועגן געשעענישן, וועלכע דאַרפן קומען אינגיכן. אין דער לופט האָט זיך שוין געפילט דער שטורעם, וואָס דערנענטערט זיך שנעל.

מען גיט זיך איבער פאַרשידענע באַומרויקנדיקע נייעסן. די מענטשן האַלטן זיך צוזאַמען, זיי גאַרן צו זיין וואָס נענטער מיט דער פאַמיליע, מיט די עלטערן, שוועס־טער און ברידער. יונגע פּאָרלעך לייגן אָפּ זייערע חתונות אויף שפּעטער, אויף בעסערע צייטן, ווען דער הימל וועט ווידער זיך אויסלייטערן.

צווישן צווייפל און דערוואַרטונג: מלחמה אָדער שלום? — האָט אָנגערוקט די טרויעריקע דאַטע, דאָס שרעקלעכסטע קאַפּיטל אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

1 סעפּטעמבער 1939.

אַזוי פּלוצלינג איז די מלחמה אויסגעבראָכן! נישט צו וויסן פון וואַנען און ווי אַזוי — און מיר זענען שוין אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן.

מענטשן הייבן זייערע קעפּ צום הימל און גלייבן נישט די אייגענע אויגן. מען ווייסט נאָך נישט וועמענס עראָפּלאַנען עס פליען — און שוין פאַלן באָמבעס.

אַ שרעקלעכע באָמבאַרדירונג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן שטעטל שבת, דעם 2־טן סעפּטעמבער. פייער שיט זיך פון הימל. מענטשן לויפן ווי וואַנזיניקע אין די גאַסן. נישטאָ ווו זיך צו באַהאַלטן, נישט קיין קעלער, נישט קיין שוץ־גרובן. מען ליגט אין די גאַסן מיט די פּנימער צו דער ערד און מען וואַרט אויף נסים. די הייזער טרייסלען זיך, די שויבן פליען און דער רויך עסט די אויגן. הייזער זינקען איין און מענטשן פאַלן אין די גאַסן.

די צען מינוט פון דער באָמבאַרדירונג האָט אויסגעזען ווי אַן אייביקייט. פון אַ טייל גאַסן און הייזער זענען געבליבן חורבות.

נאָך דער באָמבאַרדירונג איז מען זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע שטעט און דערפער. אומעטום, אויף אַלע וועגן און פעלדער, זעט מען פּליטים, וואָס אַנטלויפן פון די דייטשן, וועלכע צעשפּרייטן זיך איבער פּוילן און זייען טויט און פאַר־ניכטונג. אָן אַ ציל, הונגעריק און דאָרשטיק, גייען מיר איבער ווייטע שטרעקעס. מיר וואַנדערן טעג און נעכט, אָבער סוף כל סוף קערן מיר זיך אום צוריק אין שטעטל, ווייל אומעטום דערוואַרט אונדז דער זעלבער גורל.

מיר לעבן אין אַ שטימונג, אַז יעדע מינוט קאָן ברענגען טויט און פאַרניכטונג. עס גייען אַריבער וואָכן און חדשים פון געראַנגל פאַרן לעבן, פאַר דער פיזישער עקזיסטענץ, ביז עס הייבן אָן אָנצוקומען די שווערע איוב־בשורות וועגן דער פאַרניכטונג פון טויזנטער ברידער און שוועסטער אין די לאַגערס און וועלדער. ס'איז שווער צו גלייבן אין די גרויזאַמע דערציילונגען, אָבער מיר זענען עדות ווי גאַנצע שטעט און שטעטלעך ווערן אויסגעליידיקט. די געציילטע מענטשן, וואָס ראַטעווען זיך, דערציילן זאַכן, וועלכע מאַכן אויפשוידערן אַלע גלידער.

מיר לויפן פון איין אָרט צום צווייטן, אַנטרונען פון איין אַקציע צו דער אַנדערער. מיר באַהאַלטן זיך אויף די ביידעמס און אין די קעלערס. מיר ווערן פאַרפאָלגט, ווי די ווילדע חיות אין וואַלד. דער הונגער פייניקט. די קראַנקהייטן פאַרשפרייטן זיך. מענטשן פאַרלירן זייערע נאָענטסטע: אַ מאַמע, אַ טאַטע, אַ ברודער, אַ שוועסטער. די טרערן ווערן אויסגעטריקנט פון צוזען יעדן טאָג דאָס אומגליק.

די מענטשן ווערן גלייכגילטיק צום לעבן און אויך צום טויט. אַ סך גיבן זיך אַליין איבער — זיי זענען שוין מיד פון לויפן איבער גרענעצן און וואַכן, זיי זענען שוין נישט בכוח צו קעמפן פאַרן לעבן. די מערדער געפינען זיי סיי־ווי, אויב נישט היינט — איז מאָרגן.

אויסשוויץ, 1939.

ווער קאָן דען פאַרגעסן יענע טעג און נעכט אין אויסשוויץ? צו בלאָס זענען אַלע ווערטער אויף צו געבן אַ פולן אויסדרוק פאַר יענע שווערע איבערלעבענישן, וואָס עגבערן אין מוח און לאָזן נישט רוען ביז היינט, 15 יאָר זינט יענער צייט.

מיר לעבן אין אונדזער לאַנד אַלס פרייע בירגער. אונדזער קינדער וואַקסן; מיר מוזן זיי דערציען ווי אַ געזונטן דור, אָן קאָמפּלעקסן. מיר מוזן שמייכלען, ווען אפילו נישט אַלע מאָל איז פאַראַן דערצו דער מוט. דער כוח, דער חשק. מיר דערציילן דער וועלט און אונדזערע קינדער וועגן דעם אַלעם, וואָס מיר זענען אַדורכגעגאַנגען, כדי נישט צו לאָזן פאַרגעסן יענע טרויעריקע פאַרגאַנגענהייט.

נישט איין מאָל פרעגט זיך יעדער איינער פון אונדז: פון וואַנען האָבן מיר גענומען די כוחות אויסצוהאַלטן אָט די אַלע שווערע טעג, חדשים און יאָרן?

עלנטע מענטשן, שוואַכע פרויען, הונגעריקע און באָרוועסע, מידע און פאַרחלשטע — זענען מיר געשטאַנען טעג און נעכט. זומער און ווינטער, און גע־

קעמפט פאר יעדע מינוט לעבן, פאר א שטיקל ברויט, פאר א שלוק וואסער. פון וואנען האט זיך צו אונדז גענומען אָט די קראפט?

נאך 3 יאר פון לעבן ווי געיאגטע הינט, נאכן כסדרדיקן לויפן פון איין געטאָ אין צווייטן — פון זשארקי און פילץ, פון זאוויערטשע און בענדין, נאכן אנטרינען פון איין אויסזידלונג און אַריין אין א צווייטער — האב איך אין יולי 1943 זיך געפונען אין א טראנספּאָרט, וואס איז געגאנגען קיין אויסשוויץ.

מיר זענען אָנגעקומען קיין אויסשוויץ 12 ביינאכט, האלב טויט און פאַר־חלשט, אויסגעהונגערט און דערנידעריקט. דער לאגער איז געווען איינגעהילט



איינער פון די בלאקן אין אוישוויץ

אין פינצטערניש. בלויז די עלעקטרישע טאשן־לעמפלעך פון די דייטשישע ס.ס.־מענער האָבן באלויכטן די טויטע שאטנס, וואס זענען אַרויסגעפאלן פון די וואגאנען.

די דייטשישע זעלנער הייבן גלייך אָן די סעלעקציע.אלטע מענער און פרויען מיט קינדער טיילט מען אויס באזונדער און יונגע מענטשן באזונדער. די ערשטע לינקס, די צווייטע רעכטס. דיביידע גרופּעס ווערן אָפּגעשיקט לויט דער ריכטונג פון אַ שטעקן. די צום טויט און יענע — צו דער ארבעט.

מענטשן לויפן פון לינקס אויף רעכטס. ביזן לעצטן מאָמענט האָט יעדער געגלייבט אין דער אילוזיע, אַז אפשר וועט דאָך געשען אַ נס און ער, גראָד ער, וועט בלייבן לעבן.

צומאָרגנס פאַרטאָג זענען מיר אַדורך אַלע ערשטע דייטשישע געבאָטן: אָפּשערן די האָר, וואַשן זיך און אָנטאָן יענע לאַגער־מלבושים, אין וועלכע מיר האָבן פאַרלוירן דאָס מענטשלעכע אויסזען און ווירדע. מיר זענען געשטאַנען און געקוקט איינע אויף די אנדערע און נישט געוווּסט, צי דאַרפן מיר לאַכן פון די מאָדנע „פּאַיאַצן”, אָדער וויינען צוליב די שרעקלעכע פּנימער, וואָס האָבן אַרויס־געקוקט פון די לאַגער־מלבושים.

יעדער טאָג ציט זיך ווי אַן אייביקייט. אין די נעכט ליגן מיר אויף די נאַרעס שלאָפלאָז פון מידקייט און הונגער. אין דער פרי שטייען מיר אויף צווישן טויטע קערפּערס פון די, וואָס זענען ביינאַכט אומגעקומען.

אַ סך זענען נישט בייגעשטאַנען דעם שווערן נסיון. אַ סך האָבן פאַרלוירן יעטווועדעס מענטשלעך געפיל. אין אַזעלכע באַדינגונגען ווערן געפּרוווט די מענטשלעכע כאַראַקטערן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָרגט נאָר פאַר זיך, עס זענען אָבער אויך געווען אַנדערע, וואָס זענען גרייט געווען צו העלפן יענעם ביז דער לעצטער מינוט און טיילן זיך מיט יעדן ביסן. זיי האָבן זיך געראַנגלט פאַר יעדע מינוט לעבן, פאַר דערהאַלטן נאָך אַ נשמה.

אַזוי איז אַדורך דאָס לעבן טאָג־איין, טאָג־אויס.

אויך איך בין דורכגעגאַנגען די אַלע שבעה מדורי גיהנום, הונגער און קראַנקהייטן, סעלעקציעס. יעדעס מאָל האָב איך געמיינט, אַז אָט־אָט קומט די לעצטע מינוט און מער וועל איך זיך שוין נישט אומקערן.

איך האָב געאַרבעט אין דער שיך־קאָמאַנדע, דאָרט האָבן געאַרבעט נאָך 250 פרויען און מיידלעך. אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַראָפּנעמען די זוילן פון די אַלטע שיך און זיי אויססאָרטירן — זוילן באַזונדער און ווייכע לעדער באַזונדער גאַנצע בערג מיט שיך פון אַלע מינים און סאָרטן זענען געלעגן מאַסנווייז אין גרויסע קופּעס און האָבן זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער... זיי האָבן ווי גערעדט צו אונדז שטומערהייט — — — ווער ווייס וועמענס קינדער־פיסלעך, אָדער אַנדערע נאָענטע האָבן געטראָגן אָט די שיך... איצט ליגן זיי אַלע צעריסן, צעקנייטשט, צעטראָטן און קוקן אויף אונדז ווי מיר צעשניידן זיי אָן רחמנות... און פאַרגעסן זיי...

כמעט צוויי יאָר בין איך געווען אין אוישוויץ און זיך געראַנגלט מיטן טויט יעדע מינוט. מיר זענען געווען 6 מיידלעך פון פאַרשידענע שטעט און

שטעטלעך פון פוילן. מיר האָבן זיך זייער באַפריינדעט, געהאַלטן זיך צוזאַמען, געשלאָפן צוזאַמען און געטיילט זיך מיט יעדן ביס ברויט. ווען איינע פון אונדז האָט זיך נישט געפילט גוט, האָבן אַלע געזאָרגט פאַר איר, געמאַכט פאַרשידענע פרווון אויסצובאַהאַלטן די קראַנקהייט פאַר די קאַפּאָס. און אַ דאַנק דעם האָבן מיר געקאָנט אַלץ איבערלעבן און זיך האַלטן מיט אַלע כוחות ביז דער באַפרייונג.

ווען די דייטשן האָבן דערפילט, אַז די מלחמה נעמט אָן אַ נייע ווענדונג און דער פראָנט דערנענטערט זיך אַלץ טיפער אין פוילן, האָבן די דייטשן באַשלאָסן פאַרלאָזן אוישוויץ.

אין אַ געוויסן אָוונט, ווען מיר זענען געקומען פון דער אַרבעט, האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל שטעלן זיך צום אַפּעל. דעם 18־טן יאַנואַר 1945 האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פון אוישוויץ. עס איז געווען אַ שווערער פראָסט, טיפע שנייען זענען געלעגן אויף די וועגן און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג האַלב באָרוועס און מיט לייכטע מלבושים. דאָס איז געווען אַ מאַרש־רוט פון פּיין און קרבנות. מיר זענען געגאַנגען דריי טעג און דריי נעכט צופוס, שוואַכע און הונגעריקע. די, וואָס זענען מיד געוואָרן פון גיין און האָבן זיך געוואָלט אָפּרוען עטלעכע מינוט, זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דעם פערטן טאָג האָט מען אונדז אַרויפגעזעצט אויף אָפענע לאַסט־וואַגאָנס. צוועלף טעג זענען מיר געפאָרן איבער פאַרשידענע לאַגערן, אומעטום אָבער איז געווען פול מיט מענטשן און מען האָט אונדז נישט געוואָלט אויפנעמען. דעם 2־טן פעברואַר 1945 זענען מיר אָנגעקומען קיין בערגן־בעלזן. דאָ זענען מיר שוין פאַרבליבן ביז דער באַפרייונג.

טאָגטעגלעך האָבן מיר זיך געשיידט פון די בעסטע פריינד. יעדן טאָג האָבן מיר צוגעזען, ווי עס פאַרשווינדן הונדערטער, טויזנטער. פאַר קיינעם האָט זיך נישט געזען קיין האָפענונג, קיין אויסזיכט. אָבער ווען אַלע הימלען זענען שוין געווען שוואַרץ פון רויך, האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס ליכט פון האָפענונג.

15 אַפּריל 1945 — בערגען־בעלזען.

דער טאָג פון באַפרייונג!

שווער איז צו גלייבן, אַז דער טאָג איז ענדלעך געקומען, אַז מיר האָבן דעם טאָג דערלעבט.

מיר ליגן אויף דער ערד הונגעריקע און פאַרחלשטע און ציטערן אויף פון יעדן גערויש. פון דער ווייט דערטראָגט זיך דאָס הילכן פון די קאַנאָנען. אָבער

די דייטשן היטן נאָך אונדז, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען. זיי טוען דאָס זייעריקע ביז דער לעצטער מינוט. צי וועלן זיי אונדז פאַרניכטן פאַרן גרויסן נצחון, אָדער פריער וועט קומען זייער סוף? די מינוטן ציען זיך ווי אַן אייביקייט, די לעצטע כוחות גייען אויס. קיינער קאָן שוין נישט איבערהאַלטן די גרויזאַמע מאַטערניש צווישן זיין אָדער נישט זיין.

פאַרשידענע קלאַנגען הערט מען אין לאַגער: די רויטע אַרמיי קומט אָן; ענגליש־אַמעריקאַניש מיליטער דערנענטערט זיך; ארץ־ישראלדיק מיליטער רינגלט אַרום די מויערן פון בערגען־בעלזען... עס ציען זיך ווידער לאַנגע שעהן און מיר וואַגן נישט צו רירן זיך פון די ערטער. אונדזערע הערצער קלאַפּן שנעל, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך אַרויסרייסן.

פלוצלינג דערהערט זיך דאָס מאַרשירן פון זעלנער מיט געזאַנג. די מיידלעך, וואָס האָבן געשטאַמט פון רומעניע דערקענען, אַז דאָס זענען רומענישע זעלנער. זיי מיינען, אַז דאָס זינגען זיי רומענישע לידער, ווייל זיי קומען אונדז אָנזאָגן וועגן דער באַפרייונג. ווען די מיידלעך לויפן צו צום פענצטער און אַפּלאָדירן לכבוד דער באַפרייונג — עפנט זיך אַ שיסעריי... דאָס זענען געווען די רומע־נישע זעלנער, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די דייטשן פאַרלאָזט דעם לאַגער. אַזוי אַרום זענען נאָך אין דער לעצטער מינוט פאַר דער באַפרייונג געפאַלן קרבנות דורך די דייטשן און זייערע משרתים.

ענדלעך זענען די דייטשישע וואַך־זעלנער זיך צעלאָפן און אונדז איבערגע־לאָזט פריי. פון פרייד שטיקן אונדז די טרערן אין האַלדז. ווען די נאַכט פאַלט צו גייען מיר ערשט אַרויס פון די צימערן. מיר קריכן נאָך אויף אַלע פיר, כדי קיינער זאָל אונדז נישט באַמערקן. מיר זוכן עסנוואַרג, כדי צו שטילן דעם הונגער, פון וועלכן מיר האָבן געליטן ספּעציעל אין די לעצטע טעג.

ענגלישע זעלנער געפינען זיך שוין אין לאַגער. מיליטערישע אָרקעסטערס שפּילן טאַנץ־מוזיק... און מיר דרייען זיך אַרום ווי שאָטנס פון יענער וועלט, וואָס זענען צום ערשטן מאָל נאָרמאַלע מענטשן.

זיי באַטראַכטן אונדז אין אונדזער שרעקלעכן אויסזען. סקעלעטן, וואָס זענען אויפגעשטאַנען צו תחית המתים, „די טרוקענע ביינער פון טאל — ווי דער נביא יחזקאל האָט געזאָגט — וואָס זענען אויפגעשטאַנען צום לעבן”. מיר לעבן! מיר זענען פריי! אויס שקלאַפן און צוריק מענטשן! צי זענען נאָך פאַרבליבן כוחות אויף אָנצוהייבן דאָס לעבן פון דאָס ניי!

הייַנט, נאָך 15 יאָר זינט יענע טרויעריקע איבערלעבענישן, ווילט זיך שוין

כמעט נישט געבליבן, אַז דאָס האָט געקאָנט פּאַסירן אין 20־טן יאָרהונדערט. און די ציוויליזירטע וועלט האָט גלייכגילטיק צוגעקוקט און געשוויגן!

אָבער מיר וועלן דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אייביק, אייביק וועלן מיר געדענקען!

**צפורה שפּארעך־איזנברג**

## צוויי לעצטע בריוו

ווען מען נעמט די פעדער אין האַנט כדי צו דערמאָנען אונדזער שטעטל, נעמט אָן אַ ציטער. מיר דערמאָנען זיך, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן און ווער עס פעלט פון די זשאַרקער. דאָ און דאָרט איז פאַרבליבן איינער פון אַ משפחה. פון אַ סך משפחות איז קיין איינער נישט געבליבן און ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי דערמאָנען.

פון מיין משפחה — איינע פון די גרעסטע אין זשאַרקי — זענען געבליבן צוויי נפשות: אַ טאָכטער פון געצל גרינשפּאַן און אַ זון פון וואָלף גרינשפּאַן.

דעם 11־טן נאָוועמבער 1940 האָט מען מיך אַוועקגעריסן פון מיין פאַמיליע, פון מיין פרוי און 20 חדשימדיק טעכטערל, און מיך געשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער קיין דייטשלאַנד. אַלע מיינע יוגנט־פריינד זענען אומגעקומען. איך דערמאָן דאָ אברהם יחיאל ברודער, איטשע קורץ און יעקב מאיר רייכמאַן — דער זון פון שלמה שמש.

פון איטשע קורץ האָב איך באַקומען אַ בריוו אין לאַגער. ער שרייבט:

„גייענדיק אין גאַס האָב איך געטראָפן דיין שוועסטער רחל. זי זאָגט מיר, אַז עס איז פון דיר, פון לאַגער, געקומען אַ בריוו. בין איך אַריין צו אייך אין שטוב, כדי דעם בריוו צו זען. דאָ האָב איך געטראָפן דיין אַלטן טאַטן ליגן קראַנק אין בעט. די מיליץ איז אים באַפאַלן אויפן דאָמבראָווער וועג. אפשר שרייב איך דיר דעם לעצטן בריוו. מיין חבר, עס איז זייער שווער. טעג פון געראַנגל צווישן לעבן און טויט. טעג פון איבערלעבן דעם ביטערן גיהנום. טעג פון הונגער און צרות.

איך מיין, אַז דיר אין לאַגער, הינטער שטעכעדיקע דראָטן, איז בעסער ווי אונדז. דיינע אויגן זעען נישט די צרות, די פּיין פון אויסזידלונג, דעם ווייטיק פון די קינדער און זקנים.

---

*) געברענגט צום דרוק דורך זלמן גרינשפּאַן.

מיט דעם ענדיק איך מיין בריוו. ווען ס׳וועט זיך ענדיקן די מלחמה, און ווער ס׳וועט פאַרבלייבן — זאָל נישט פאַרגעסן און נישט שענקען.״

דיין חבר איטשע קורץ.

20.7.1941

דורך אַ מישקאָווער קריסט, וואָס איז פון אונדזער לאַגער געפאָרן אויף אורלויב קיין מישקאָוו, איז מיר געלונגען צו שיקן אַ בריוו צו מיין פרוי קאַראָלאַ גרינשפאַן און דורך אים באַקומען אויך ענטפער. אָט איז דער בריוו פון מיין פרוי:

„מיין ליבער מאַן משה זלמן,

זיצנדיק ביינאַכט פאַרטראַכט שווער און ביטער, הער איך אַ קלאַפּן ביי דער טיר. עס קומט אַריין אַ קריסט און זאָגט: שרעקט אייך נישט, איך האָב אַ בריוו פאַר אייך. מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר אַלע דעם בריוו געלעזן. עס איז אונדז שוין דאָ ווייניק. פון מישקאָוו האָט מען אַלע אַרויסגעטריבן. די קריסטן האָבן אַלץ צוגערויבט. די מאַמע און דעם פעטער חיים מענדל האָט מען געשיקט נאָך אויסשוויץ. שטעל דיר פאָר אונדזער ווירטשאַפט. דער טאַטע האָט זיך אַראָפּגענומען די באָרד, אָפּראַזירט, כדי ער זאָל אויסזען יינגער. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין בונקער. נאָכן אַוועקשיקן דעם טראַנספּאָרט זענען מיר אַרויסגעגאַנגען פון בונקער און געזען אונדזער גרויסן חורבן. בעסער, אַז דו ווייסט נישט די נעמען. איך גלייב, אַז דאָס איז מיין לעצטער בריוו צו דיר. מיין ליבער מאַן. ווער עס וועט דערלעבן זאָל דעם טרויער נישט פאַרגעסן און נישט מוחל זיין.״

דיין אומפאַרגעסלעכע פרוי
קאַראָלאַ גרינשפאַן.

אברהם פראנק

# בלעטלעך פון אַן אלטן טאָגבוך

פון דער פאַמיליע פראַנק האָבן מיר באַקומען
די פאָלגנדיקע בלעטלעך פון אַ טאָגבוך, וואָס
איז געשריבן געוואָרן דורך אברהם פראַנק ז״ל
אין די יאָרן 1917—1919.

**ט׳ באב, תרע״ז (1917)**

היינט בין איך געווען אויפן בית־הקברות, ווי דאָס איז איינגעפירט ביי אונז, בני ישראל, צו טאָן אים תשעה באב.

אָבער דאָס מאָל איז דאָס בילד געווען באַזונדער טרויעריק: ווייבער און קינדער — פרישע אלמנות און נייע יתומים, נאָך ווייסע מצבות און גאַנצע רייען נאָך נישט איינגעטראָטענע קברים. ווען איך האָב דאָס אַלץ געזען, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך געפין זיך אויפן עולם העליון.

דאָס געוויין פון די עטלעכע הונדערט פרישע אלמנות און יתומים האָט זיך צעשפרייט איבער אַלע פעלדער; די עפּידעמיע־קברים האָבן געשריגן צום הימל און עס איז געווען שרעקלעך צו הערן דאָס יאָמערלעכע געוויין פון די יונגע קינדער. אַרום די קברים, פון ביידע זייטן, זענען געשטאַנען פרויען און קינדער און מען האָט זיי נישט געקאָנט אָפּרייסן פון אָרט. עלטערע קינדער האָבן געשריגן: „ווער וועט אונדז עסן געבן? ווער וועט אונדז וואַשן? ווער וועט אונדז אין חדר פירן?״

אַ סך מענטשן זענען נאָך קראַנק געווען און געלעגן אין שפּיטאָל. זיי האָבן נישט געוווּסט נאָך, אַז זייערע עלטערן אָדער קרובים געפינען זיך שוין אין זייער אייביקער רו.

ווען כ׳בין אַהיים געגאַנגען האָב איך נאָך געזען, ווי בערל טורנערס זון ליגט אויפן קבר פון זיין פאָטער און זאָגט אים אָן, אַז ער זאָל בעטן, דאָס יקרות זאָל אויפהערן... אַלץ איז געוואָרן טייער: ברויט, קאַרטאָפל, שטיוול.

טרויעריק, זייער טרויעריק זעט אַלץ אויס!



אברהם פרנק מיט זיינע תלמידים

### ה׳ כסליו, תרע״ז

היינט איז פארגעקומען א חתונה ביים ראש הקהל פון שטעטל, דוד טורנער די כלה האט געטראָגן א טייערן קראגן פאר 500 רובל. אינמיטן דער חופה האָט עמעצער אראפגעריסן פון דער כלה דעם קראגן, און — שריי חי וקים! די כלה איז געבליבן ביים חתן און יענער — ביים קראגן...

### כ״ב כסליו, תרע״ז

א געשעעניש אין שטעטל! צום ערשטן מאל איז דאס בית־מדרש באלויכטן געווארן מיט עלעקטריע.

אלע ארום זענען געשטאנען און געקוקט אויפן גרויסן װוּנדער.

### כ״ג כסליו, תרע״ז

היינט איז אונטערגעשריבן געווארן א וואָפנשטילשטאנד צווישן רוסלאַנד,

דייטשלאַנד, עסטרייך און טערקיי — אויף 10 טעג, פון 7־טן ביזן 17־טן דעצעמ־בער 1917.

ווען וועט זיך שוין דאָס אַלץ ענדיקן?

## ב׳ סיון, תרע״ז

היינט איז אין שטעטל פאָרגעקומען אַ חתונה, וואָס דאַרף זיין אַ סגולה קעגן דער עפידעמיע.

דער חתן איז אברהם הויקער און די כלה איז שלמה דוד וויראַבניקס טאָכטער. די חופה איז פאָרגעקומען אויפן בית־עולם.

די שטאָט האָט געגעבן כל הצרכים אויף דער חתונה, וואָס איז געפראַוועט געוואָרן מיטן בעסטן פראַכט. נישט קיין טרויער האָט געהערשט, נאָר די גרעסטע שמחה.

די חתונה האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנאַכט. דער חתן איז איינגעשטאַנען ביי אברהם הערצבערג. חתן־כלה זענען באַגלייט געוואָרן מיט מוזיק. די קלעזמער זענען געווען אברהם פרידמאַנס צוויי זין. לכבוד דעם פּאָרל האָט מען איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן בלימל־טאָג. די גאַנצע שטאָט האָט זיך געצויגן צום בית־עולם אָפּגעבן כבוד דעם יונגן פּאָרפּאָלק. בראש איז געגאַנגען דער רבי שליטא און נאָך אים דער גאַנצער עולם, מיט בלימלעך אין די לאַצן.

דער בית־עולם האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַרוויילונג־אָרט און די מוזיק האָט געשפּילט ווי אין אַ קאָנצערט־זאַל. די גאַנצע שטאָט, מיטן רבין בראש, האָט געזונגען און געטאַנצט, די פרייד איז געווען אין לשער. דוד טורנער און אליעזר חזן האָבן זיך אָנגעטאָן קאַפּעלושן, אַרויף אויף די טישן און געטאַנצט.

דערנאָך האָט דער גאַנצער עולם געדאַוונט מעריב און געזאָגט תהילים.

דאָס מיליטער האָט געהיטן די אָרדענונג.

## כ״ו אייר, תרע״ח

דאָס יקרות וואַקסט פון טאָג צו טאָג. היינט קומט פאָר אַן אסיפה פון דער קאָסע ווענגן דער מקווה. שוין דריי וואָכן ווי מען הייצט נישט די מקווה, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין קוילן.

ס׳איז דאָ אַ פּלאַן, אַז די שטאָט זאָל צאָלן וועכנטלעך און אַז מ׳זאָל פאַר־קויפן בילעטן אין דער מקווה.

מען האָט באַשלאָסן אָנשרייבן אַ ביטע אין דער וואָיעוואָדסטווע, אַז מען זאָל שיקן אַ וואַגאָן קוילן.

## כ״ח שבט, תרע״ח

היינט זענען אין דער גאַנצער אומגעגנט פאָרגעקומען גרויסע שטרייקן. די ראַדע האָט זיך אָפּגעזאָגט. דער צענטראַל־פּאַטראַל האַלט די אָרדענונג. קיין צוזאַמענשטויסן זענען נאָך נישט געווען. די אוקראַאינער האָבן צוגענומען אַ שטיק פּוילן. עס דאַרף זיין נאָך אַ סך נייעס. דער היינטיקער שטרייק איז אַ פּאָליטישער.

## י״ד באדר, תרע״ח

היינט זענען ווידער פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען וועגן שלום, אָבער ווער ווייסט, צי דאָס איז ריכטיק. די שטרייקן הערן אויף. מ׳זאָגט, אַז די רוסן מיט די דייטשן וועלן די טעג אונטערשרייבן וועגן שלום.

לעבנסמיטל שטייגט פון מינוט צו מינוט. דאָס געלט האָט נישט קיין ווערט. עס קומען פאָר גרויסע שפּעקולאַציעס. דאָס וועטער איז זייער מיאוס. מען גייט באָרוועס, נישטאָ קיין קליידער.

## ט׳ בטבת, תרע״ט

היינט גיט מען אין קריסטלעכן קאָמיטעט מעל. דער יידישער קאָמיטעט גיט נישט.

עס הערשט אַ שרעק פאַר דער רויטער גוואַרדיע, אַז זי זאָל אַהער קומען. די פּרייזן זענען שוין געפאַלן.

## כ״ה בשבט, תרע״ט

היינט איז אַ היסטאָרישער טאָג. היינט זענען אין גאַנץ פּוילן, שלעזיע, גאַ־ליציע, פאָרגעקומען וואַלן צום סיים, מיר, די זשאַרקער שטאָט־איינוווינער, האָבן געשטימט פאַרן נומער 8, דאָס הייסט — פאַרן „ציוניסטישן יידישן נאַציאָנאַל־ראַט״.

עס איז געווען היימלעך אין שטאָט. עטלעכע באַבעס האָבן געוואָלט שלאָגן יידן, אָבער פּאָליציי האָט גלייך געשטערט. אַלץ איז אַדורך אין אָרדענונג.

היסטאָריש איז אויך דער טאָג, ווייל די פרויען האָבן באַקומען וואַל־רעכט. זיי וועלן שוין נישט שטיין בלויז ביים טאָפּ, נאָר זיי וועלן זיין ווילער.

די יידישע דעפּוטאַטן אין סיים זענען גרינבוים און פּרילוצקי.

די יידן זענען הפקר ווי חמץ אין פּסח. עס האָט געזאָלט אויסברעכן אַ פּאָגראָם אין שטעטל, אָבער אַלץ איז אַדורך בשלום.

**ג׳ לחודש כסליו, תרע״ט**

היינט איז אויסגערופן געוואָרן וואָפנשטילשטאַנד אין גאַנץ אייראָפּע. דער וועלט־קריג ענדיקט זיך מיט גאָטס הילף און עס קומט דער שלום.

אין דייטשלאַנד קומען פאָר געשלעגן. מען רעדט, אַז עס וועט אויסברעכן אַ נייער קריג, אָדער אַ רעוואָלוציע.

יידן קריגן געווער אויף זעלבסטשוץ — מען זאָל נישט דערלאָזן צו קיין פּאָגראָמען. עס איז זייער אַ הייסע שטימונג.

**חודש אלול**

עס איז נישטאָ קיין צייטונג צום לייענען. מיר ווייסן נישט, וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט. עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז די רויטע אַרמיי מאַרשירט צו אונדז. טייל מענטשן דערציילן, אַז 40 קילאָמעטער פון וואַרשע איז די רויטע אַרמיי אָפּגעטראָטן און אַנטלאָפן.

עס קומען פאָר פּאָגראָמען אין פיל שטעטלעך. מען פאַרברענט יידישע ספרים. די נויט וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

ס׳איז זייער שווער צו קריגן לעבנסמיטל אין שטאָט. אַלע ליידן הונגער און נויט. מיר דערוואַרטן שוין די ענדערונג. וואָס זאָל קומען. אָבער ווען?

זשאַרקי, תרע״ט — 1919.

## מיינע דעראינערונגען

אין אַ הערלעך שיינעם זומערטאָג פון יאָר 1914 איז מיין זיידע, מענדל פּרעגער, אַהיימגעקומען צופוס פון מישקעוו אַן איבעראַשטעטער און אַ זייער דער־שראָקענער. דערציילט האָט ער, אַז אין מישקעוו האָט ער נישט געקאָנט באַקומען קיין פור, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהיים צופוס. אויפן וועג האָבן אים דעריאָגט צוויי דייטש׳שע זעלנער אין פולער באַוואָפענונג, מיט ווילהעלם־קאַסקעס אויף די קעפּ. זיי האָבן אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט ווי ווייט ס׳איז נאָך צו זשאַרקי. די זעלנער האָבן געריטן אויף צוויי גרויסע, שטאַרקע פערד און אַליין האָבן זיי אויך אויסגעזען הויך און העלדיש.

— וויזט אויס, אַז מיר האָבן אַ מלחמה — האָט דער זיידע געזאָגט צו די אַלע, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי אונדז אין שטוב.

היות ווי אין זשאַרקי האָט דער „דראַטלאָזער טעלעפאָן" געאַרבעט זייער גוט, זענען באַלד זיך צונויפגעקומען צו אונדז אַלע שכנים פון הויף און מיין זיידע איז נישט מיד געוואָרן צו דערציילן, ווי אַזוי די דייטשישע זעלנער זעען אויס און וואָס זיי האָבן אים געפרעגט.

מאַנעלע פיינער און יונתן רובינשטיין האָבן דיסקוטירט וועגן דעם, ווי לאַנג אַזאַ מלחמה קאָן דויערן. דער איבעריקער עולם, ווי איטשע דוד בעקער, חיים יואל דער בערשטל־מאַכער, יאַנקעלע קעניגסבערג און אביגדור פיינער האָבן זיך צוגעהערט און אויך אַמאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט. די פרויען זענען געשטאַנען אין אַ זייט און געזיפצט. צווישן זיי געדענק איך פייגעלע קריציק, שורקע די קצבטע און דבורה די הייבאַם.

פלוצים האָט זיך דערהערט פון גאַס אַ רעש: דאָס זענען אָנגעקומען די צוויי דייטשישע רייטער. זיי זענען פאַרבייגעריטן פאַר לייזעראָוויטשעס הויז און אַריין אין דער לעשניאָווער גאַס.

אַן אימה איז געפאַלן אויפן שטעטל. זעט אויס, אַז ס'איז טאַקע מלחמה.

געשען איז דאָס אינעם ערשטן טאָג פון ערשטן וועלט־קריג. אין קיין שום צייטונג האָט מען נאָך נישט געשריבן, אַז ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, אָבער אין זשאַרקי האָט מען שוין געזען דייטשישע זעלנער, ווייל דאָס שטעטל איז געווען זייער נאָענט פון דער דייטשישער גרענעץ, אַן ערך 14 קילאָמעטער.

איך געדענק, אַז אויך דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, ביים אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, איז זשאַרקי געווען פון די ערשטע שטעט, וואָס זענען גע־וואָרן באָמבאַרדירט, און באַלד אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה זענען געווען אַ סך קרבנות און דעמאָלט האָב איך זיך דערמאָנט, איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, אין יענע צוויי דייטשישע זעלנער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע איך גע־דענק נאָך אַזוי שטאַרק, אַז איך וואָלט זיי פשוט געקאָנט אויפמאָלן.

קאָן זיין, אַז דער פחד פאַר די צוויי דייטשישע זעלנער אין יאָר 1914 איז געווען אַ פאָרגעפיל אין קינדערישן האַרץ. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון סוף, און הגם דער סוף איז געקומען ערשט נאָך 25 יאָר, אָבער געקומען איז ער דורך דייטשישע זעלנער.

אין דער צייט פונעם ערשטן וועלט־קריג האָט זשאַרקי א סך געליטן. אין אָנהייב פון יאָר 1915, ווען די דייטשישע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן און צוריק זיך דערנענטערט צו דער דייטשישער גרענעץ, האָט אַ גרויסער טייל פון דער דיי־

טשישער אַרמיי זיך קאָנצענטרירט הינטער זשאַרקי. דאָ איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קריגס־פּאָזיציע. 6 וואָכן האָט זשאַרקי זיך געפֿונען אין צענטער פֿון פֿייער. די האַרמאַטן האָבן געשאָסן איבער דער שטאָט.

אין אונדזער וווינונג האָט קוואַרטירט אַ דייטשישער אָפֿיציר מיט אַ גאַנצער קאָמאַנדע זעלנער. די קאַנאָנאַדע פֿלעגט זיך אָנהייבן יעדן פֿאַרנאַכט. דער אָפֿיציר האָט דעמאָלט אַרויסגענומען אַ מאַנדאָלינע, געשפּילט און געזונגען:

„יעדער שטוס — איין פֿראַנצויז,

יעדער שוס — איין רוס".

דערביי האָט ער געלאַכט: „ווי שיין עס שפּילט די קאַנאָנאַדע!"

אַ שווערע און טרויעריקע איז געווען אונדזער קינדהייט. אין דער צייט ווען קינדער שפּילן זיך און לערנען, האָבן מיר געהאַט מלחמה, שיסערייען, הונגער און קראַנקהייטן.

געלערנט האָבן מיר אין חדר — סיי ייִנגלעך, סיי מיידלעך. מיין רבי איז געווען ישעיה פּיסקע. די זשאַרקער דאַרפֿן אים געדענקען: אַ קליין, דאַר יידל מיט רויטע פֿאַראייטערטע אויגן. מיידלעך האָבן געלערנט באַזונדער און ייִנגלעך באַזונדער. פֿונעם ווינקל פֿאַר די ייִנגלעך קלינגט מיר נאָך איצט אין די אויערן דער ניגון: „ויאמר משה — האָט משה געזאָגט..." די מיידלעך האָבן געלערנט דאַווענען, שרייבן יידיש און רעכענען. ווינטער־צייט איז אין חדר געווען זייער קאַלט. אַלע קינדער האָבן געהאַט אָפּגעפֿרוירענע פֿיס. אין דעם אָרעמען הויז פֿון ישעיה פּיסקע האָבן נאָך געוווינט צוויי פֿרויען. דאָס זענען געווען די פֿרומע קיילע און די בלינדע מאַלע.

די בלינדע מאַלע איז שטענדיק געווען פֿריילעך און געלאַכט זייער האַרציק. איך האָב נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי אַ בלינדער מענטש קאָן זיין אַזוי פֿריילעך. זי האָט געקענט די גאַנצע שטאָט, פֿון קליין ביז גרויס, און נישט דורכ־געלאָזט קיין איין שמחה אָדער טרויער אין שטעטל. זי איז געווען אַ לעבעדיקער קוריער. פֿון הויז צו הויז האָט זי איבערגעטראָגן אַלע נייעס.

די פֿרומע קיילע האָט אַ גאַנצן טאָג געדאַווענט. אָפּגעריסן זיך פֿון דאַווענען האָט זי בלויז דעמאָלט, ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען אין שטאָט צוזאַמענעמען נדבות פֿאַר בכבודיקע אָרעמעלייט. די מיידלעך פֿון חדר האָבן איר צוגעהאָלפֿן. דוכט זיך, אַז צום מיינסטן האָט איר צוגעהאָלפֿן באַלטשע שפּרינגער. אין מיין זכרון זע איך זי תמיד מיטן העברעישן בוך אונטערן אָרעם, ווי זי גייט צו מינצן אויף דער העברעישער לעקציע.

באלטשע פלעגט אויך צוזאמענגעמען געלט פארן אלטן סופר. יעדן דאנערשטיק האט זי דאס געלט אוועקגעגעבן דער סופרטע, כדי זי זאָל האָבן שבת צו מאַכן.

איך בין אויך געווען איינע פון די מיטהעלפערינס ביי דער פרומער קיילע. יעדן פרייטיק אין דער פרי האב איך באקומען פון איר געלט, וואס איך האָב אוועקגעטראגן צו פארשידענע בכבודיקע ארעמעלייט.

די מלחמה האט זיך פארצויגן און זשארקע האט זיך געפונען אונטער דער עסטרייכישער אקופאציע. די קינדער האבן באקומען א שטיקל שול פון 1 קלאס נעבן דער גמינע. אין קלאס איז געהאנגען דער עסטרייכישער אדלער און מיר האבן געלערנט דעם „קעניגלעכן און קייזערלעכן" עסטרייכישן הימן. אונדזער קעניג איז געווען פראנץ יאַזעף. דאס האט אבער לאנג נישט געדויערט.

אין א געוויסן טאג האב איך געזען ווי דער פאליאק בערנאצקי איז צוגע־גאנגען צו אן עסטרייכישן זעלנער און צוגענומען ביי אים די ביקס און דעם רע־וואָלווער. איך האב נישט געקאָנט פארשטיין פארוואס דער זעלנער גיט אזוי אָן ווידערשטאנד אוועק זיין געווער בערנאצקין. אבער מיין מאמע האָט מיר דער־קלערט, אז פון היינט אן איז פוילן אויפגעשטאנען אלס א זעלבשטענדיקע מלוכה און די עסטרייכער גייען אוועק.



אנטייל פון אידישער בעפעלקערונג אין א פוילישער נאציאנאלער פייערונג

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּייערלעכקייטן. ביי די קאַלעפּירן, ביי דעם דענקמאָל פאַר קאָשטשושקאָ, אין שול האָט שוין איצט געהאָנגען אויף דער וואַנט אַ פּוילי־שער אָדלער און מיר האָבן ווידער געלערנט אַ נייעם הימן — „יעשטשע פּאָלסקאָ ניע זגינעלאָ".

אָבער גאָר גיך האָבן יידן אָנגעהויבן צו פילן די נייע מאַכט. עס זענען אָנגע־קומען די האַלערטשיקעס. מען האָט אָנגעהויבן הערן וועגן אָנפאַלן אויף יידן, וועגן אַרויסוואַרפן זיי פון די צוגן. און דאָ דערמאָנט זיך ווידער אַ געשעעניש, וואָס מיין זיידע רב מענדל האָט איבערגעלעבט.

אין יענער צייט איז ער איינמאָל געפאָרן פון בענדין אַהיים קיין מישקווו. אין וואַגאָן זענען אַריינגעקומען האַלערטשיקעס און זיך געוואָרפן אויף אים מיט אַ געשריי: „יאַקאָן פּיענקנאָן בראָדען מאַש, זשידזשע" *) און אויסגעפליקט אים שטיקער באָרד. זיי האָבן געהאַלטן די מעסערס פאַר זיין האַלדז און געדראָט, אַז זיי וועלן אים שעכטן. דער זיידע איז אַהיימגעקומען אַ צעבלוטיקטער און קראַנקער.

ווי תמיד זענען באַלד זיך צוזאַמענגעלאָפן זיינע גוטע פריינד, כדי אויסצו־הערן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט און ווי ווייט מעגלעך אים צו טרייסטן. דער ערשטער איז געקומען סאַנדל דער מלמד — אַ הויכער שוואַרצער ייד מיט אַ רויטער פּאַטשיילע אין דער יובעצע־טאַש.

— געלויבט צו גאָט, מענדל, אַז מ׳זעט זיך — האָט ער זיך אָנגערופן — נאָר זיך נישט איבערנעמען! אַ ייד מוז האָבן ברייטע פּלייצעס. לאָמיר ליבערשט טרינקען לחיים . . .

געקומען זענען אויך שלמקע טענענבוים, ר׳ שלמהלע כהן און פיל אַנדערע.

שלמקע טענענבוים איז געווען מיין זיידנס אַ יוגנט־פריינד. איך געדענק, אַז זיי פלעגן אָפט דערמאָנען דעם לאַנגן וועג, וואָס זיי האָבן געמאַכט, ווען זיי זענען געפאָרן קיין טריסק כדי צו ברענגען דעם רבין קיין זשאַרקי.

ר׳ שלמהלע כהן איז געווען אַ דאַרער ייד מיט אַ ווייסער באָרד. אין זיין פּנים האָבן געגליט צוויי שטרענגע אויגן. ער איז געווען אַ גרויסער בן־תורה. איך האָב פאַר אים זייער מורא געהאַט. אפשר דערפאַר, ווייל ווי נאָר ער פלעגט אַריינקומען צו אונדז אין שטוב איז באַלד געוואָרן אַ טומל און מען האָט געשריגן: „ווייבער אין אַ זייט, ווייבער אין אַ זייט!"

איך האָב ליב געהאַט צוצוהערן זיך צו זייערע שמועסן און מעשות, זייער אָפט וועגן די אַלטע אַמאָליקע צייטן.

איינע פון די מעשות איז מיר געבליבן שאַרף אין זכרון. דאָס איז אַ געשיכטע

*) וואס פאר א שיינע בארד די האסט, ייד.

וועגן דעם, פאַרוואָס זשאַרקי ליגט נישט ביי דער באַן און מען מוז זיך טליקען אויף אַ פור 7 קילאָמעטער ביז מישקווו אויב מען דאַרף פאָרן מיט דער באַן.

דערציילט האָט מען די מעשה אַזוי:

בעת מען האָט געבויט די ערשטע באַן־ליניע אין פוילן, די אַזויגערופענע „וואַרשאַווסקאָ־ווינדענסקאַיאַ זשעלעזנאַיאַ דאָראָגאַ" האָט די באַן געזאָלט דורכגיין נאָענט פון זשאַרקי. אין שטעטל האָט מען וועגן דעם אַ סך גערעדט. מענטשן האָבן זיך געפרייט, אַז דער באַן־פאַרקער וועט פאַרלייכטערן דאָס לעבן.

אין שטעטל האָט זיך אָבער געפונען אַ זייער ענערגישע פרוי, וואָס האָט געפירט אַ גרויס געשעפט. זי האָט מורא געהאַט, אַז אויב אין זשאַרקי וועט זיין אַ באַן־סטאַציע וועלן מענטשן פאָרן אין די גרעסערע שטעט איינקויפן סחורה און זי וועט פאַרלירן קליענטן. די פרוי איז געווען מאַטל פרימערס באָבע.

זי האָט נישט קיין סך געטראַכט, אַריבערגעכאַפּט זיך צו די אינזשעניערן, געלאָזט זיך קאָסטן אַ סך געלט און געפועלט, אַז מען זאָל די רעלסן לייגן אַ ביסל ווייטער פון זשאַרקי. אַזוי אַרום איז זשאַרקי נעבעך געבליבן אָן אַ באַן־סטאַציע.

איך ווייס נישט אויף וויפל די מעשה איז אמת. אָבער אָפּט, ווען איך פלעג פאָרן מיט דער פור קיין מישקווו האָב איך געטראַכט וועגן גורל פון שטעטל זשאַרקי, וואָס האָט נישט זוכה געווען צו אַן אייגענער באַן־סטאַציע.

זשאַרקי איז געווען איינע פון די עלטסטע שטעט אין דער געגנט. זשאַרקי ליגט אויף אַ זייער אַלטן פוילישן שליאַך, דעם אַזויגערופענעם „שליאַך פון די 13 אָדלערס" — דאָס מיינט די 13 שלעסער, וואָס זענען געלעגן אויפן וועג פון טשענסטאָכאָוו ביז קראָקע. הינטער זשאַרקי געפינען זיך נאָך די רואינען פון אַ שלאָס אויף אַ באַרג, אַרום וועלכן עס ציט זיך אַ שיינע סביבה.

נישט ווייט פון זשאַרקי געפינט זיך די באַקאַנטע און אָפּט דערמאָנטע אין דער פוילישער ליטעראַטור געגענט פון „זלאָטי פּאָטאָק" מיטן שלאָס פון כראַביע ראַטשינסקי. דער דאָזיקער שלאָס האָט אַמאָל געהערט צו איינעם פון די גרעסטע פוילישע דיכטער כראַביע זיגמונט קראַשינסקי.

אין דער צייט ווען אַלע שטעטלעך אין דער געגנט, וואָס האָבן זיך געפונען נאָענט פון דער באַן־ליניע, האָבן זיך אַנטוויקלט גרויסע אינדוסטריעלע שטעט, איז זשאַרקי ווייטער פאַרבליבן אַ קליין שטעטעלע — אַלץ צוליב דעם, וואָס איינע אַ פרוי האָט זיך איינגעעקשנט...

ווי געזאָגט, געפינט זיך זשאַרקי אין זייער אַ שיינער אומגעבונג, מיט וועלדער און פעלדער אַרום און אַרום. איין וואַלד, וואָס איז געלעגן נעבן דער איינ־

ציקער פאַבריק אין זשאַרקי האָט מען גערופן „די טאַנץ־בריק״. דאָרט פלעגט מען שפּאַצירן אין די זומערדיקע שבתים נאָכמיטאָג. דעמאָלט האָט מען דאָרט געקאָנט טרעפן דאָס גאַנצע שטעטל. גרופּעס יוגנט האָבן שפּאַצירט הין און צוריק, אַדורכגעגאַנגען דעם קרומען בוים איבערן וואַסער — אַזוי איז דורכגעשפּרונגען פון דער „טאַנץ־בריק״ אין קוזשיגלאָוער וואַלד אַריין. טייל גרופּעס זענען געזעסן אויפן גראָז, געלייענט ביכער, דיסקוטירט, געזונגען און אַמאָל אויך געטאַנצט. די „טאַנץ־בריק״ האָט נישט איין פּאָרל צונויפגעפּירט.

צו די שבתדיקע שפּאַצירן האָבן אויך געהערט דאָס אַרויסגיין קיין לעשניוו, אין לעשניאָווער וואַלד, צום לעשניאָווער סטאַק. דער וואַלד איז געווען אַ סאָס־נאָווער, אַ געזונטער. דאָרט פלעגט מען טרעפן אַ סך מענטשן, וועלכע זענען גע־קומען אַהין אויף זומער־וווינונג פון די אַרומיקע שטעט. דאָס איז געווען פאַר אונדז אינטערעסאַנט. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט די מענטשן ברענגען צו אונדז אין שטעטל אַ גרוס פון דער ווייטער גרויסער וועלט, צו וועלכער אונדזער יוגנט פון זשאַרקי האָט אַזוי שטאַרק געבענקט.

איז מען שוין געווען אין לעשניוו האָט מען געמוזט טרינקען אַ ביסל וואַסער פון סטאַק. דאָס איז געווען אַ קוואַל, וואָס איז שטענדיק געשפּרונגען פון דער ערד. דאָס וואַסער איז געווען ריין ווי קרישטאָל, זייער דערפרישנדיק און וווּנדער־באַר געשמעקט. מיר דוכט זיך, אַז קיין בעסערן געטראַנק האָב איך קיינמאָל נישט געטרונקען. וועגן דעם סטאַק האָט מען דערציילט פאַרשידענע לעגענדעס. דאָס וואַסער האָט געזאָלט האָבן גאָר ווונדערלעכע אייגנשאַפטן: פאַרבעסערן דעם אַפּעטיט צום עסן, היילן קראַנקע אויגן וכדומה.

פון לעשניוו פלעגט מען זיך אַמאָל אַריינכאַפּן קיין פּזשעוואָדישאָוויטש צו די סקאַלעס. מען פלעגט אויף זיי אַרויפקלעטערן און באַוווּנדערן פון דאָרט די גאַנצע געגנט אַרום.

נאָך אַזאַ שבת איז מען געווען געניגע מיד. זונטיק האָט זיך צוריק אָנגעהויבן דאָס נאָרמאַלע וואָכעדיקע לעבן — ביז מיטוואָך.

מיטוואָך איז געווען אַ וויכטיקער טאָג אין שטעטל — דער מאַרק־טאָג. וואָס פאַר אַ טומל, וואָס פאַר אַ גערויש! אין שטילן שטעטעלע איז געוואָרן לעבעדיק. פון אַלע זייטן זענען אָנגעקומען פורן מיט פּויערים און פּויערטעס. דער מאַרק איז געווען פאַרפלייצט מיט פּראָדוקטן.

מיר דוכט זיך, אַז זשאַרקי האָט מען געקאָנט אָנרופן אַ האַנטווערקער־שטעטל. דער רוב איינוווינער זענען געווען באַלמעלאָכעס: גאַרבער, שוסטער, שטעפּער און

שנײדער — בכלל פּראָדוקטיװע מענטשן, נישט קײן לײדיקגײערס און פירער פון לופט־געשעפטן — אַן אָרנטלעך אַרבעטזאַם שטעטל איז געװען אונדזער זשאַרקי.

אָנגעהױבן אַרבעטן האָט מען זײער פרי, כמעט נאָך אַלס קינד. בײם װערק־שטעל זענען געזעסן גאַנצע פאַמיליעס, עלטערן און קינדער. און װען האָבן די קינדער געזאָלט לערנען? פאַרשטײט זיך, אַז נאָר אין אָװנט, און אַלײן, אָן אַ לע־רער. לערנען האָט אָפּטמאָל געהײסן: לײענען ביכער, דורכן בוך דערקענען די װעלט, געשיכטע, ליטעראַטור; דורך צײטונגען — פּאָליטיק און אַנדערע ענינים.

ביכער האָט דער זשאַרקער יוגנט נישט געפעלט. איך בין איבערצײגט, אַז װײניק שטעטלעך אין פּױלן האָבן געהאַט אַזאַ רײַכע און אינטערעסאַנטע ביבליאָ־טעק װי זשאַרקי. מען דאַרף געדענקען, אַז די זשאַרקער ביבליאָטעק איז געגרינ־דעט געװאָרן דורכן אײגנטימער פון באַרימטן שטיבעל־פאַרלאַג. שטיבעל שטאַמט פון זשאַרקי. מיט זײַן איניציאַטיװ און הילף איז געשאַפן געװאָרן די ביבליאָטעק. געפירט די ביבליאָטעק האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „עזרא".

אין דער ביבליאָטעק פלעגט זיך צוזאַמענקומען די גאַנצע ײדישע יוגנט פון זשאַרקי. דאָ האָט מען געלערנט, דיסקוטירט, אַנטפּלעקט נײַע װעלטן און — אַ ביסל אױך געפלירטעװעט.

און װאָס קאָן מען טאָן מער, װען מען איז יונג?

אַלע מײַנע פרײַנדינס און פרײַנד פון יענע יאָרן, װעלכע געפינען זיך שױן לײדער נישט צװישן אונדז — דערמאָן איך דאָ מיט אַ שװערן זיפץ און מיט יראת הכבוד.

**שײנדעל פּרעגער־טײטעלבױם**

# פון מײַן געבורטסשטעטל

זשאַרקי האָט געהערט צו די הונדערטער שטעטלעך אין פּױלן, װאָס זענען געװען גאַנץ װײניק באַקאַנט דער ברײטער באַפעלקערונג אין לאַנד. פאַר די ײדן אָבער פון דער אַרומיקער געגנט, װי למשל פון זאַװיערטשע, בענדין, סאָסנאָװיץ, טשענסטאָכאָװ און אַנדערע שטעט, איז דער זשאַרקער ײדישער ײשוב געװען זײער פּאָפּולער צוליב פאַרשידענע סיבות.

קודם כל איז די יוגנט אין זשאַרקי געװען די נאַציאָנאַל־געשטימטסטע אין דער גאַנצער אומגעגנט. מיר זענען געװען די ערשטע, װעלכע האָבן רע־

וואַלטירט קעגן דער פאַרקריפּלונג און דער אָפּגעשטאַנענקייט אין שטעטל, קעגן דער אונטערדריקונג פון די יידישע קלעריקאַלן, קעגן די פּרומאַקעס וועלכע האָבן געשטערט דער אַנטוויקלונג פון יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין צווישן דער יידישער יוגנט אין יענער תקופה.

מיר אין זשאַרקי האָבן געהאַט אַ שיינע און געזונטע יוגנט, וואָס האָט אויפגעהויבן דעם קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע באַפרייונג־אידעען אַפילו קעגן די אייגענע עלטערן. מיר זענען געווען צווישן די ערשטע חלוצים, וואָס האָבן איבערגעריסן מיטן פאַרקריפּלטן, נישט־פּראָדוקטיוון לעבן אין קליינעם גלות־שטעטל און אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל.

מיר האָבן מיט גרויס התמדה געלערנט די העברעישע שפּראַך, געפאָרן אויף הכשרה און עולה געווען קיין ארץ־ישראל. דערין האָבן מיר געהאַט די מיטהילף פון אַ סך פּראָגרעסיווע עלטערן און איבערגעגעבענע ציוניסטן.

דער ערשטער און בעסטער צווישן זיי איז געווען קאָפּל מינץ ע"ה, אַ לערער פון העברעיש. ער האָט זייער אַ סך געטאָן פאַרן דערציען די יוגנט פון שטעטל אין נאַציאָנאַלן גייסט און פאַרן דערלערנען זיי די העברעישע שפּראַך. שפּעטער, נאָך זיין פּריצייטיקן טויט, האָט געטאָן די אַרבעט מיין פאָטער ע"ה, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דער קהילה מצד די ציוניסטן. מיין פאָטער ע"ה האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום דראָונגען פון די עקסטרעם־רעליגיעזע קרייזן און פאַרגעזעצט דעם קאַמף פאַר דער ציוניסטישער אידעע. ער איז תמיד געווען אויף דער זייט פון דער ציוניסטישער יוגנט — קעגן די־אגודיסטיש־ אָרטאָדאָקסישע קרייזן — פאַר אַ געזונטער און נאַציאָנאַלער דער־ציונג פון דער יוגנט אין שטעטל.

## סעפּטעמבער 1939

דעם 15־טן סעפּטעמבער 1939 האָב איך געזאָלט באַפרייט ווערן פון פּוילישן מיליטער, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען אויף רעגולערער דינסט אין אַ פּוס־גייער־פאַרמאַציע. ביי יעדן מיליטערמאַן איז דאָס דער גליקלעכסטער מאָמענט, ווען ער דערוואַרט זיך ענדלעך צו שרייבן אַהיים, אַז מען זאָל אים שיקן די ציווילע מלבושים. עס ווילט זיך באַפרייען פון שווערן דיסציפּלין־לעבן איז די קאַזאַרמעס און מען הייבט אָן טראַכטן וועגן דער צוקונפט אין ציווילן לעבן.

פאַר מיר האָט די באַפרייונג פון מיליטער געהאַט אַ גאַר וויכטיקע באַ־דייטונג: דאָס האָט געהייסן, אַז איצט וועל איך קאָנען פאַרווירקלעכן מייז

טרוים פון די יינגסטע יאָרן אַן — פאָרן אויף „הכשרה", דורכמאַכן די גע־העריקע חלוצישע צוגרייטונג און עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

דער גורל האָט אָבער אַנדערש געוואָלט. ער האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע מיינע שטרעבונגען און חלומות.

דעם 1־טן סעפטעמבער 1939, צוויי וואָכן פאַר מיין באַפרייונג, זענען די דייטשן אַנגעפאַלן אויף פוילן און אין משך פון געציילטע טעג איז צעקלאַפּט געוואָרן די גאַנצע פוילישע אַרמיי. דאָס פוילישע מיליטער האָט געהאַלטן אין איין אַפּציען אַלץ ווייטער און ווייטער, ביז פון דער אַנדערער זייט זענען גע־קומען די סאָוויעטן. איך האָב דעמאָלט זיך געפונען נישט ווייט פון דער נייער דייטשיש־סאָוויעטישער גרענעץ ביים טייך סאַן.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַנדערונג אין אַלע זייטן. אַ טייל האָבן באַשלאָסן אַריבערצוגיין אויף יענער זייט, צו די סאָוויעטן, אַנדערע האָבן אָנגעהויבן גיין צוריק אַהיים. איך בין געווען אין אַ שטאַרקער פאַרלעגנהייט און נישט געוווסט וואָס צו טאָן. גיין אַהיים — הייסט עס גיין צום דייטש, צו היטלערן, און דאָס האָט זיך נישט געגלוסט, הגם מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווסט, וואָס היטלער גרייט צו פאַר די יידן; גיין ווידער „אויף יענער זייט", צו די סאָוויעטן, האָב איך אויך נישט געקאָנט זיך דעצידירן, ווייל עס האָט מיך שטאַרק געצויגן צו די עלטערן, צו די שוועסטער, צו מיין שטעטל, וווּ איך האָב פאַרבראַכט מיינע בעסטע קינדעריאָרן, צו מיינע חברים, מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געוועבט מיינע ציוניסטישע טרוימען, חלוצישע לידער גע־זונגען, אויף אויספלוגן אין די בערג געגאַנגען און ביז שפּעט אין די נעכט געפירט וויכוחים אויף די אסיפות.

ניין. אך האָב דאָס אַלץ נישט געקאָנט מיט איינמאָל פאַרגעסן און איבער־רייסן דערמיט. איך האָב געפירט מיט זיך אַ שווערן קאַמף, ווייל עס האָט מיך שטאַרק געצויגן „אויף יענער זייט". וועגן אייזערנעם פאַרהאַנג האָבן מיר נאָך נישט געוווסט...

צוויי וואָכן האָב איך געוואַנדערט צופוס אַ האַלב־הונגעריקער. איך בין געשלאָפן ביי פויערים און אויסבאַהאַלטן זיך פון די דייטשן אויף די וועגן. הונדערטער קילאָמעטער האָב איך דורכגעמאַכט איבער פעלדער און וועלדער ביז איך האָב זיך דערשלאָגן צו מיין אַלטער היים, צו מיין געבורט־שטעטל.

לײדער האָט דאָס לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. איצט זענען מיר געבליבן בלויז די דערינערונגען פון אַמאָל. דאָס שטעטל זשאַרקי עקזיסטירט ווייטער, אָבער

אָן יידן. דער גרעסטער טייל פון זיי איז מער נישטאָ. איינצלנע בלויז איז געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען, כדי זיי זאָלן דערמאָנען די טרויעריקע פאַרגאַנגענהייט.

**אליעזר ריטערבאנד**

## אַ בליק אויף צוריק

אַ הייליקע שטילקייט רוט איבערן שטעטל. אויף די טראָטואַרן נעבן זייערע הייזלעך זיצן אַלטע פרויען און מענער פון עמק און שמועסן צווישן זיך געמיטלעך און זאָרגלאָז. די שבתדיקע אַטמאָספער מאַכט זיי פאַרגעסן אין די אַלע דאגות פון אַ גאַנצער וואָך. אפשר צום טויזנטסטן מאָל דערציילן זיי די זעלבע אַלטע געשיכטעס און פאַסירונגען, וואָס זענען זיך פאַרלאָפן מיט אַ סך יאָרן צוריק.

מען דערציילט זיך וווּנדערלעכע געשיכטעס וועגן פריצים, וואָס האָבן געפּייניקט זייערע יידישע אַרענדאַרן און מיט דער הילף פון הייליקן צדיק איז דער אַרענדאַר געהאָלפן געוואָרן און דער פוריץ האָט געהאַט אַ שוואַרצן סוף.

מען דערציילט וועגן די אַמאָליקע רוסישע צאַרן, ביי וועלכע מ׳האָט געדינט 25 יאָר אין מיליטער און וועגן די קינדער, וואָס מ׳האָט געכאַפּט אין מיליטער. איז דאָך ר׳ אביגדור קראָקעווער געווען אַזאַ סאָלדאַט ביי פּאַניען, אָפּגעדינט 25 יאָר, אויסגעפּאָרן אַלע טייכן און ימען און זיך אָנגעזען אַ וועלט.

אַזוי קוויקט מען זיך מיט די מעשות און מ׳האָט הנאה פונעם שבת, וואָס איז ביי אָט די יידן אַזוי טייער און הייליק זינט אַלע צייטן און דורות.

די זון האַלט שוין ביים אונטערגיין. אירע לעצטע שטראַלן קלעטערן איבערן הויכן קלויסטער־שפּיץ, וואָס שטייט אויפן מאַרק־פּלאַץ. דער מאַרק־פּלאַץ גופא איז דורכויס באַוווינט פון יידן. צווישן אַנדערע געפינט זיך אין מאַרק דאָס הויז פון יאָשע ראָטשטיין. אין דעם דאָזיקן הויז זענען פאַראַן די „שטיבל־ביבליאָטעק" און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. פון אָט דעם הויז טראָגט זיך דאָס געזאַנג פון דער ציוניסטישער יוגנט. אין דעם שבתדיקן בין־השמשות גיסט זיך דאָס פאַרבענקטע געזאַנג צונויף מיט דעם אָוונט, וואָס שלייכט זיך אַריין אומבאַמערקט מיט אַ קילער פרישקייט.

אַ ביסל ווייטער, פון אַ צווייטער גאַס, הערט זיך אָן אַנדער געזאַנג. דאָס זינגען די יוגנטלעכע, די קלענערע חברה, די פריילעכע זאָרגלאָזע בחורים פון „השומר הצעיר". עס קלינגען די לידער „תחזקנה", „הנה מה טוב ומה נעים". עס גייט



דער קרן־קיימת באזאר

דאָרט אַ לעבעדיקער הוראַ־טאַנץ. דאס גאנצע שטעטל צעזעגנט זיך אין שבתדיקן בין השמשות. פון אלע זייטן הערן זיך חסידישע ניגונים פון די חסידים־שטיבלעך, ווו יידן זיצן ביי שלוש־סעודות. זיי זינגען פאַרבענקט מעלאַנכאָלישע ניגונים, צוגעפאסטע צו דער שטימונג פון אוועקגייענדיקן שבת. די געזאַנגען ציען זיך אָן אַ סוף. מען וויל אויפהאלטן דעם שבת וואָס לענגער. דאס איז דאָך דער איינציקער זארגלאזער טאג אין דער גאנצער וואָך. שבת דארף מען נישט צאלן קיין וועקסל, שבת דארף מען נישט בארגן קיין גמילת־חסד, שבת האָט מען נישט קיין מורא פארן סעקוועסטראטאר. מיט איין ווארט: באה שבת, באה מנוחה.

סליחות־טעג

אַ פינצטערע שטילע נאכט איז אויסגעשפרייט איבערן שטעטל. קיין עלעק־טרישע באלייכטונג איז דעמאָלט אין שטעטל נאָך נישט געווען. צו חצות הייבט זיך אָן אַ באוועגונג. און די פענצטער פון די יידישע שטובן צעפינקלען זיך די שוואכע שטראלן פון חלבנע ליכטלעך. טירן סקריפען. פון אלע געסלעך שלייכן זיך מענטשן — מענער, פרויען און יינגלעך גייען צו סליחות. מיט לאמטערנס באַלייכט מען זיך דעם וועג אין דער געדיכטער פינצטערניש.

די בתי־תפילה ווערן פול מיט מענטשן. איבערן שטעטל טראָגט זיך דער טרויעריקער סליחות־ניגון און ווייט אין דער פינצטערער נאכט אריין גיסן זיך די טענער פון דער תפילה:

זכור ברית אברהם ועקדת יצחק!

## ערב יום־כיפור

דאָס שטעטל באַקומט גאָר אַן אַנדער אויסזען. יידן גרייטן זיך צום יום הדין: אַלץ זעט עפּעס היינט אויס אַנדערש ווי אין יעדן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר. אַ סודותפולער בלווילעכער נעפּל ליגט נידעריק איבער דער ערד. אַ מילד ווינטל בלאָזט און פאַרשפּרייט די זיסע ריחות פון די צייטיקע פּרוכטן. די זון רייסט זיך אַרויס פונעם נעפּל און שיקט אירע וואַרעמע שטראַלן צו דער ערד.

יידן איילן זיך היינט מער, ווי יעדן אַנדערן טאָג. די פּנימער זענען ערנסטער, די בליקן — מילדער און פול מיט ליבשאַפט און פאַרצייונג.

מיטאָג־צייט ווערן אַלע קלייטן געשלאָסן. אין איילעניש עסט מען די לעצטע מאָלצייט — די סעודה מפסקת. טאַטעס לייגן אַרויף די הענט אויף די קעפּ פון זייערע קינדער און בענטשן זיי מיט דער ברכה: ישימך אלהים כאפרים וכמנשה. די שטובן בליאַנקען פון ריינקייט און ווייסקייט.

באַלד ווערן די גאַסן פול מיט יידן, וואָס איילן צו כל נדרי. יידן אין קיטלען, אין שוואַרצע זיידענע קאַפּאָטעס, אין ווייסע סקאַרפּעטן און שטעק־שיך, מיט טלית און מחזור אונטערן אָרעם — אַזוי גייען זיי שנעל אין די שולן און שטיבלעך.

די בתי תפילה זענען פול. אפילו די אפיקורסים פון אַ גאַנץ יאָר קומען אויך צו כל נדרי. די גאַסן זענען ליידיק. און הגם אין שטעטל וווינען אויך אַ צוויי טויזנט קריסטן, זעט מען נישט קיין מענטש אין דרויסן.

צומאָרגנס, יום כיפור, איז אין גאַס דאָס זעלבע בילד: שטיל און פּוסט. אין די בתי תפילה איז גרויס די היץ. דאָרט ברענען הונדערטער חלבנע יום־כיפור־ליכט, אַריינגעשטעקטע אין זאַמד פון די הילצערנע קאַסטנס. די צוזאַמענגע־דרענגטע מענטשן־מאַסע אָטעמט שווער. מען דאַוונט און מען בעט, מען קלאַפּט על חטא פאַר זינד, וואָס מ׳איז זייער אָפּט נישט באַגאַנגען. מען פּייניקט זיך אין תענית און מען פאַרגעסט די וועלט מיט איר וואָכעדיקייט. היינט איז דאָך יום כיפור, דער גרויסער יום הדין.

ווער ס׳האָט נישט געזען אַזאַ יום כיפור אין אַ יידיש שטעטל, דער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן ווי טיף און גרויס ס׳איז געווען די אמונה ביי אָט די יידן. אויס־געטוענע פון יעדער וואָכעדיקייט — האָבן זיי זיך דערהויבן צו דער העכסטער הייך פון ריינקייט און קדושה. אויב מען געדענקט, אַז צענדליקער מענטשן פלעגן אַוועקפאַלן אין חלשות און דאָך האָבן זיי דעם תענית נישט איבערגעריסן — מוז מען מודה זיין, אַז בלויז יידן זענען פעיק געווען אויף אַזאַ מסירת נפש פאַר זייער אמונה.

## דריי דורות: אלחנן, שלמקע און מאטל פראמער

אין דער יום כיפור־נאַכט צו כל נדרי, בעת דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרזאַמלט אין די שולן און בתי מדרשים, האָט פלוצלינג זיך דערהערט אַ געשריי: „געוואַלד, יידן, ס׳ברענט!"

שריפות אין שטעטל האָבן געהערט צו די גרעסטע פלאָגן. די קליינע היל־צערנע הייזקעס, צוגעוואַקסענע איינע צו דער אַנדערער, געדעקטע מיט פאַפע, האָבן געפלאַקערט ווי שטרוי. הונדערטער משפחות פלעגן דאַן בלייבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

דאָס מאָל האָט די שריפה אויסגעבראָכן אין דער ווייבער־שול. ס׳איז אויס־געבראָכן אַ פּאַניק. אַלע זענען געלאָפן ווי וואַנזיניקע. בלויז איין מענטש האָט נישט געטראַכט וועגן זיך. דאָס איז געווען אלחנן פראָמער. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען זיין נפש, זיין הויז, זיין משפחה — אַז די שול ברענט, און אין דער שול זענען דאָך פאַראַנען ספרי תורה, מ׳דאַרף זיי ראַטעווען.

פון דער שול האָט געזעצט אַ געדיכטער, שוואַרצער רויך, אָבער דאָס האָט נישט אָנגעוואָרפן קיין פחד אויף אלחנן פראָמער. ער איז אַריין אין דער ברע־נענדיקער שול און דורכן שטיקנדיקן רויך דערשלאָגן זיך צום ארון קודש. מיט האַרצקלאַפעניש האָט ער אַרויסגעכאַפּט די ספרי תורה, געטוליעט זיי צו זיין ברוסט און געזוכט דעם וועג צו דער טיר. אָבער שוין נישט קיין קנוילן רויך, נאָר העלע פייער־פלאַמען האָבן אַרומגעכאַפּט אלחנן מיט די ספרי תורה. דעם וועג אַרויס האָט ער שוין מער נישט געפונען. ער איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט זיינע טייערע הייליקע ספרי תורה. ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם.

## שלמקע פראמער — זיין זון

דאָס שטעטל זשאַרקי ליגט נישט ווייט פון דער דייטשישער גרענעץ. יידן אין שטעטל דאַרפן פרנסה. אַ טייל פון דער באַפעלקערונג פאַרנעמט זיך מיט שמוגלען סחורות פון דייטשלאַנד. די רוסישע צאָל־באַאַמטע, די אַזויגערופענע סמאַרציקעס, מאַכן אָפט רעוויזיעס ביי די פאַרדעכטיקטע יידן. נישט תמיד גיט זיך זיי איין צו געפינען די סחורות, ווייל יידן האָט געהאַט זייערע גוטע באַהעלטענישן פאַר דעם שמוגל. און אויב מען האָט שוין יאָ אַמאָל געפונען עפּעס — האָט מען געגעבן אין יד אַריין און מיט דעם איז דער ענין ליקווידירט געוואָרן אויפן אָרט.

מאַכט זיך אַ מעשה און אין שטעטל ברעכט אויס אַ שריפה. ביז די פייער־לעשער זענען אָנגעקומען איז שוין דאָס גאַנצע שטעטל געווען אין פלאַמען. די יידן האָבן געטראָגן זייערע שטוב־זאַכן און סחורות צו דער זשעקע — אַ פלוס, וואָס האָט

זיך געצויגן דורכן שטעטל — מחמת דאָרט איז געווען דאָס זיכערסטע אָרט קעגן פייער.

פלוצלינג איז אָנגעקומען אַ רוסישער צאָל־נאַטשאַלניק רייטנדיק אויף אַ פערד אין דער באַגלייטונג פון זיינע מיטהעלפער. ער האָט באַפוילן די סמאָר־טשיקעס צו מאַכן אַ רעוויזיע צווישן די זאַכן ביי דער זשעקע. ווען שלמקע פראַ־מער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז ער תיכּף געקומען צו לויפן, צוגעגאַנגען צום עלטסטן און געזאָגט: „איך בעט אייך איבערצורייסן מיט דער רעוויזיע. ווען דאָס שטעטל איז אין אַזאַ צרה, האָט איר נישט קיין רעכט צו מאַכן רעוויזיעס". — „ווער ביסטו דאָס?" — האָט געפרעגט דער נאַטשאַלניק. — „איך בין אַ בירגער פון דער שטאָט און כ'וועל נישט דערלויבן צו מאַכן רעוויזיעס". דער נאַטשאַלניק האָט אַרויסגעצויגן די שווערד פון שייד, אָבער אין דעם מאָמענט האָט שלמקע אַרויסגעכאַפּט פון יענעמס הענט די שווערד און זי צעבראָכן. מ'האָט אים תיכּף אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע.

בעת מ'האָט אים געפירט אַ געשמידטן אין קייטן איבער די וואַרשעווער גאַסן, האָט ער געשריגן: „יידן, איך בין ריבצ'עס און אלחננס זון, ראַטעוועט מיך!" יידן אין וואַרשע האָבן געוווּסט, ווער עס זענען געווען ריבצ'ע און אלחנן פראַמער. זיי האָבן אַלץ געטאָן און שלמקע באַפרייט.

שלמקע פראַמער איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער ביים אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914.

### מאטל פראמער — אן אייניקל פון אלחנן

מאָטל פראַמער איז געווען איינער פון די שענסטע באַלעבאַטים אין שטעטל. ער האָט נישט פאַרמאָגט די דרייסטקייט פון זיין פאָטער שלמקע און אויך נישט דעם טעמפּעראַמענט פון זיין זיידן אלחנן. דאָס איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת פּנים, וואָס האָט געוועקט צו זיך דרך ארץ. ער איז געווען אַ שטילער און באַשיי־דענער מענטש, וואָס האָט נישט געקאָנט קיין הויך וואָרט אויסריידן. אָט דעם ייד האָט דער זשאַרקער נאַצי־בירגערמייסטער, קאָוואַליק, אויסגעקליבן פאַר זיין קרבן.

איינמאָל איז מאָטל פראַמער גערופן געוואָרן אין ביוראָ פון בירגערמייסטער קאָוואַליק. ווען ער איז אַהין געקומען האָט ער דאָרט געטראָפן צוויי טונקעלע פאַרשוינען. מאָטל פראַמער איז געווען אַן אייזן־סוחר און קאָוואַליק האָט אים גערופן, אַז מאָטל זאָל אים אַרויסגעבן דאָס באַהאַלטענע אייזן. קאָוואַליק האָט אָבער גאַנץ גוט געוווּסט, אַז פראַמער האָט נישט קיין אייזנוואַרג. ווען מאָטל פראַמער האָט אים דאָס געזאָגט, האָט קאָוואַליק באַפוילן די צוויי פאַרשוינען, אַז

זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיטן זשיד. די צוויי האָבן דעם אומגליקלעכן גענומען שלאָגן ביז בלוט און ערשט דעמאָלט, ווען ער איז געפאַלן אַ באַוווסטלאָזער — האָבן זיי אים אָפּגעלאָזט. ער איז נישט געווען בכוח אַהיימצוגיין מיט די אייגענע כוחות. דער יודענראַט האָט אים אָפּגעפירט אַהיים אַ קראַנקן און צעשלאָגענעם. מיט דער דאָזיקער טאַט האָט קאָוואַליק געוואָלט טרעפן די גאַנצע יידישע באַפעל־קערונג און אָנוואַרפן אויף איר אַ פּחד.

מאָטל פראַמער איז געשטאָרבן אין זשאַרקי אין יאָר 1941 בעת דער טיפוס־עפּידעמיע.

**א שטיקל רעזומע**

אַ קליין שטעטל מיט 3000 יידישע נפשות — און דאָך האָט עס געשפּרודלט מיט ענערגיע אויף אַלע געביטן פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין אָט דעם קליינעם שטעטל האָבן עקזיסטירט אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס, ווי צום ביישפּיל: די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, השומר הצעיר, מזרחי, החלוץ המרכזי, פּועלי ציון רעכטע און לינקע, אַ קליינע בונדישע אָרגאַניזאַציע, אַ ספּאָרט־קלוב „מכבי", אַ דראַמאַטישער קרייז ביי דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע, 2 בענק, איינע — די קאָאָפּעראַטיוון־באַנק פון „דזשוינט", וועלכע האָט געהאַט איר צענטראַלע אין וואַרשע, אויף חמאַרסקע 6 — און די צווייטע — די קרעדיט־באַנק, אַ האַלב־פּריוואַטע. ס'האָבן עקזיסטירט פאַרשי־דענע חברות: חברת תלמוד תורה, ביקור חולים, הכנסת כלה, גמילת חסדים און חברה קדישה.

אין אַלע ימים טובים פלעגן די חברות זיך צונויפקומען און איינאָרדענען א מסיבה. דעמאָלט פלעגן אויסגעוויילט ווערן נייע פאַרוואַלטונגען און גבאים.

דאָס שטעטל האָט געזעלשאַפטלעך און קולטורעל זיך אויסגעלעבט אויף אַלע געביטן, געצויגן זיין מאַראַלישע טראַדיציע פון רייכן 600־יאָריקן עבר און געלעבט אין די נאָרמאַלע פריידן און ליידן — ביז ס'איז געקומען די ברוטאַלע האַנט פון די נאַצישע מערדער, וואָס האָט אויסגעריסן אַלץ מיטן וואָרצל און אַ סוף געמאַכט צום 600־יאָריקן יידישן ישוב אין זשאַרקי.

**יעקב פישר**

# מיין שטעטל (עפיזאדן)

ווי ווייט ביסטו, מיין שטעטל, און דאָך — אזוי נאענט.

וויפל וואַסערן זענען שוין אפגעפלאסן, זינט איך האָב דיך פארלאזן, וויפל ימען טרערן זענען דורך דער צייט פארגאסן געווארן, און דאך ביסטו אזוי פריש אין זכרון.

טיילמאָל זע איך דיך, ווי א ווייטן חלום, ווי אן אלט פארשטויבט בילד. אָבער פארט אזוי קלאָר: מיין שטוב, יעדעס געסעלע, יעדעס הייזעלע, יעדער נאמען



דער מארק פלאץ אין זשארקי

און צונאמען. אָט איז דער ברייטער מארק, ווייטער — די שול. און דאָרט — דער וואלד, די פאבריק, דער טייך וואס פליסט און שלעפט מיט שטיינער, זאמדן געוויקסן.

אָט זע א־ך שפאנען מענטשן אין מארק הין און צוריק. זיי שמועסן הויך וועגן אלץ און אלעמען. ביי דעם איז א שמחה, ביי יענעם — א טרויער. די האָט חתונה און יענע איז געבליבן אן אלמנה.

און קינדערלעך לויפן אַרום אין די גאַסן מיט די פאה׳לעך און ארבע־כנפות אין דרויסן. די זון שיינט — אַ מחיה, די פייגעלעך צוויטשערן, דיביימער בליען. ווער קאָן זיך גלייכן צו אָט די קינדער?

גויים שטייען און קוקן מיט קנאה און שנאה. זייערע בליקן זאָגן: אָט, אַ פויליש שטעטל — און אַזוי פאַריידישט. יידן לעבן, האַנדלען, פאַרדינען און מען באַגריסט זיך אַזוי פריינדלעך: „גוט־מאָרגן ר׳ משה־שמחה" — „שלום־עליכם, ר׳ פנחס־שלמה" — „עליכם־שלום, נפתלי".

.2

שבת.

שאַ־שטיל און רואיק. די קראָמען זענען פאַרמאַכט. אַלע זיצן איצט אין די שטובן מיט גאַנצן בני־בית. אויף די טישן איז פון כל־טוב און מען זינגט זמירות אויפן קול: „כל מקדשי..." ליכטיק איז אַרום די ווייסע טישטיכער. אַ גאָלדענער זאַמד איז אויסגעשפּרייט אין דרויסן און קינדער גייען אַרום אויסגעפּוצט אין נייע מלבושים.

שבת פאַרנאַכט לאָזט זיך אַרויס אויף שפּאַציר קינד און קייט, חסידים און בעלי מלאכה׳ס. מען גייט אין דער לענג און אין דער ברייט. די יוגנט זינגט חסידישע און ציוניסטישע לידער.

אַ גאַנצע וואָך איז מען פאַרנומען, פאַריאָגט און פאַרהאָרעוועט. ווער אין ווערקשטעל און ווער אין קלייט, ווער אין דאָרף און ווער אין די אַרומיקע שטעט מישקוו, טשענסטאָכאָוו, זאַוויערטשע, בענדין, יידן האַנדלען מיט אַלץ וואָס עס לאָזט זיך: שיך און מאַנטלען, פּוטער און פלייש, פּרוכטן און פיש, תבואה און לעדער. אַלץ איז אַ סחורה!

אַזוי גייען טעג און יאָרן, וואָכן און שבתים, יום־טוב און וואָכן־טעג. אַלץ גייט פאַרביי, און מען הייבט ווידער אָן פון דאָס ניי.

זומער און ווינטער, האַרבסט און פרילינג. גאָט איז אַ פאָטער און ער פאַר־לאָזט נישט זיינע קינדער. אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער — מען קומט אַדורך...

.3

א ליבע אין שטעטל...

מיר גייען שפּאַצירן איבער די וואַלד־וועגן. דער טאָג איז אַ הייסער און אַ דורשט־וועקנדיקער. מיר שטעלן זיך אָפּ ביי יעדן ברונעם און קוואַל. אינעם וואַסער זעען מיר דעם אָפּשיין... די אויגן קוקן שעמעוודיקע. די געדיכטע ביימער

זענען פול מיט שאָטן. די צווייגן באַוועגן זיך אין ווינט און קילן די צעהיצטע פּנימער. דער וואַלד איז גרויס. די וועלט איז ברייט און עס וועקן זיך אויף טרוי־מען וועגן ימען און ברעגן.

עס גלוסט זיך נישט אומצוקערן אין ענגע פּוסטע שטעטל און ווידער זיך באַגעגענען מיט די אַלט־באַקאַנטע פּנימער.

מיר גייען האַנט ביי האַנט און אָטעמען פרישע לופט וואָס מערער, וואָס שטאַרקער!

די נאַכט פאַלט־צו. מיר קערן זיך אום אַהיים שטיל, בגנבה, דורך הינטער־געסלעך, כדי נישט צו ווערן באַמערקט דורך שכנים מיט לאַנגע צינגער, דורך די עלטערן... אַזוי גייען דורך טעג פון שפּאַנונג און האָפענונג. מען דאַרף ווידער וואַרטן 6 טעג אויפן שבת.

און יעדן טאָג אַדורכגיין פאַר איר הויז און קוקן פונדערווייטנס אויף איר פענצטער, אפשר וועט זי זיך באַווייזן. דערווייל פאַרגייען טעג און וואָכן. עלטערע שוועסטער און ברידער וואַרטן שוין פון פריער אויף תנאים, אויף אַ חתונה. שדכנים לויפן. כלי־זמרים ציילן די טעג און מיידלעך — די יאָרן... און דאָ ברענגען יינגערע מיידלעך און בחורים גאָר נייע מנהגים — אָן שדכנים, אָן תנאים, אָן עלטערן...

אַ נייע וועלט, אַ נייע יוגנט.

פרעמד און פראָסט. אָן בושה און דרך־ארץ. אַ מאָדנע ליבע — אַ פרייע!...

.4

אַ שרפה!

עס ברענט! וווּ? ווער? ביי וועמען?

קיינער ווייסט נישט. אַלע לויפן און שרייען. אַ בהלה אין שטעטל.

אַ רויטער הימל באַלייכט די געסלעך. וואָלקנס רויך הייבן זיך אין דער הייך. פונקען פליען און צעשפּרייטן זיך אין דער ווייט.

האַלב־פאַרשלאָפענע לאָזן זיך אַרויס איבער די גאַסן. מענער, פרויען און קינדער טומלען און לויפן. אינדרויסן באַווייזן זיך שוין קופערס, קוישן, קאַסטנס. מענטשן פּאַקן זיך. מען שלעפּט פון די שטובן מלבושים, בעטגעוואַנט, טעפּ, שענק און בעטן.

פון דער ווייטנס הערן זיך הילכיקע גלאָקן: בים־באַם, בים־באַם! סירענעס פון פייערלעשער פאַרטויבן די גאַסן. מען כאַפּט פערד־און־וואָגן ביי די באַלע־גאָלעס און מען מאָבילעזירט מענטשן צו די פּלומפּן. שטייען יידן און שעפּן וואַסער.

ווער מיט וויאַדרעס און ווער מיט קישקעס. מען גיסט וואַסער אויף מויערן און דעכער.

— ווער האָט געמאַכט אַ „בורא מאורי האש״?

דאָס איז די איינציקע פראַגע. קיינעם פאַלט נישט איין, אַז די שרפה איז אויסגעבראָכן צוליב אַ צופאַל. אוודאי איז דאָס עמיצער, וואָס דאַרף מאַכן פליטה, אָדער וואַרט אויף אַסעקוראַציע...

און יידן שטייען און „בענטשן״ יענעם, וואָס איז גרייט געווען צו ברענגען אַ חורבן אויפן גאַנצן שטעטל. די שרפות־געפאַר הענגט איבערן שטעטל באַזונדערס אין זומער, אין דער צייט פון שניט, ווען די זון גליט און די תבואה טריקענט זיך אויפן פעלד.

אַזוי ברעכן אויס שרפות יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק און שטענדיק ווערן עַל פי נס ניצול יידישע שטובן, חוץ די קליינע הייזלעך, וואָס האַלטן זיך קוים אויף די פיס, ברעכן זיך אונטער יעדן ווינט און ווערן פאַרברענט פון יעדן פונק...

**אברהם אייזענבערג**

# ליקווידאַציע

שטיל, אַזוי ווי אויף אַ בית־הקברות
שטייען די הײַזלעך פֿאַרזונקען אין טרויער.
קיין שפּור פֿונעם לעבן איז דאָ נישט געבליבן,
גרוי און שוואַרץ איז איצט יעדע מויער.

ווען כ'גיי איבער פּוסטע און וויסטע גאַסן,
דערהער איך דעם עכאָ פֿון אייגענע טריט.
איך קוק זיך אַרום: איך זע נאָך די שפּורן
פֿון אומשולדיק פֿאַרגאָסענעם בלוט.

איך עפֿן אַ טיר אין אַ הײַזל אַ קליינס.
אין יעטוועדן ווינקל דער סימן פֿון דלות.
אַן אַלטע שאַפֿע שטייט אויפֿגעפּראַלט:
אויף אַ פּאָליצע זע איך אַ צעריסענעם טלית.

אַ חומש, אַ מחזור, אַ סידור, אַ תּחינה.
ווער דאַרף זיי שוין האָבן, די הייליקע ספֿרים?
אַלע וואָס האָבן געלעבט דאָ אַמאָל,
פֿאַרטריבן מען האָט צו די פֿינצטערע קבֿרים.

דאָס בית־המדרש, פּוסט און ליידיק,
מיט אויסגעהאַקטע שויבן שטייט.
פֿאַרשטומט אויף אייביק דער גמרא־ניגון,
וואָס פֿלעגט זיך טראָגן שוין פֿון ווייט.

אויך די גרויסע שול די שיינע
איז ווי אַ חורבה שטיין געבליבן.
אירע מתפללים, גרויסע און קליינע,
זענען אַלע צחאַמען געוואָרן פאַרטריבן.

איינגעהילט אין דער פינצטערער נאַכט
ליגט דאָס שטעטל אין טיפן טרויער.
אויף מאָרגן איז ווידער אַ טאָג געקומען,
אַ טאָג אָן זון, אַ טאָג אַ גרויער.

ערשט נעכטן פון דאַנען געוואָרן פאַרטריבן
אונטער אַ האָגל פון קוילן און פייער.
אַש און רויך איז פון זיי געבליבן —
פון מענטשלעכן לעבן, וואָס איז הייליק און טייער.

געטריבן ווי הינט דורך די נאַצישע מערדער
אויף זייער לעצטן וועגן פון ליידן און פּיין,
דער וועג איז געוואָרן נאַס פון די טרערן,
די לופט איז געוואָרן פאַרהילכט פון געוויין.

זאָל יענער טאָג פאַרוואַנדלט ווערן
אין אַן אייביקער פינצטערער נאַכט.
זאָל די זון מער דאָרט נישט שיינען
פאַר דעם שטנס שוואַרצע מאַכט!

יעקב פישר

# לזכרו של יחיאל רוזינר ז"ל



יחיאל רוזינר ז"ל

לא זכה האיש לראות את המפעל שכה חלם עליו, יחד אתנו — כי יתגשם אי־פעם.

הוא הלך לעולמו בטרם הופיע הספר לזכר עיירתנו, ולא נוכל לפסוח ביום זה עת נתיחד כולנו עם דפי הספר ונח־פש בו את יקירינו, שמות וזכרונות, מבלי להזכר ביחיאל...

הוא היה אדם עניו וצנוע, לא אהב להתבלט לא בחיי יום ולא בחברה. הוא אהב לעשות ולא לדבר. ברבוי די־בירים ראה החלשת המעשה.

במשך כל השנים היה הרוח החיה של ועד יוצאי ז'ארקי בישראל. לו יש להו־דות על הפגישות השנתיות המתקיימות מדי שנה בשנה.

לא פעם נפגשנו ודברנו על מפעל זכרון ממשי להנצחת העיירה ואנשיה, על העבר היפה, על יהודיה ומנהגיה. וכשהצענו לא פעם לבצע איזה מפעל כספי למטרה זו, הוא התנגד לזה בתוקף, — „לא צריך לאסוף סתם כסף באין מטרה קונקרטית"! — היה אומר.

והנה אחרי שנים של התלבטויות זכינו להגשים את מטרתנו־מטרתו. ומה חבל שיחיאל איננו ביום זה אתנו, על מנת שנוכל יחד עמו לברך על „שהחיינו והגיענו לזמן הזה!"

**א. א.**

# קדיש אחרי יקירינו

זכר נזכר וקדש נקדש את בני קהילתנו ז׳ארקי, **אשר עונו למוות** על־ידי צוררי עם ישראל האכזריים ביותר בתולדותינו.




גל־עד שהוקם בארה״ב ע״י יוצאי ז׳ארקי

לא נשכח, כי לרבים מכם אין סימן על קברכם ופזורים אתם במקומות שונים ללא ציון וזכר.

החלטנו, איפוא, להנציחכם בזכרוננו, בלבבותינו ובנשמותינו ולשם כך אספנו בדמעת עין ובחרדת קודש את שמותיכם המקודשים למען ישארו זכר לעתיד ומצבת נצח.

שמותיכם יישמרו ב„יד ושם" בישראל ומדינת ישראל תעניק לכם אזרחות כבוד ונשמותיכם תהיינה צרורות בצרור החיים מעתה ועד עולם.

עם הוצאת ספר זכרון זה במדינת ישראל הבאנוכם לקבר ישראל והצבנו לכם מצבה, אשר תעמוד לזכרון דורות עד אחרית ימינו.

אבלים עומדים אנו לפני קברכם החדש, אלפי יהודי ז׳ארקי הי"ד, ובפינו „יזכר" ו„קדיש" ובלב מר ושבור נגיד —

**יתגדל ויתקדש!**

## שמות בתי־אב שניספו בימי השואה בעיירה*)

| | | |
|---|---|---|
| אייזנברג פערל | ברודה הרשל | ברטמן יצחק נחמן |
| אייזנברג בריינדל | בורנשטיין שלמה | גרינשפן זלמן משה |
| אייזנברג יונה | ברודר משה | גרינשפן אייזיק |
| איינבינדר הרש־דוד | ברנדים אסתר־פרל | גרינשפן נצל |
| אלינשטיין יעקב | ברנדים חיים־אלי | גרינשפן בונים |
| איבשיץ יונתן | ברייטברד פייבל | גרינשפן וולף |
| אוז'ל הינך | בלזם איטשע | גרינשפן דוד |
| אלטרוויין יעקב־ליזר | בילעט הינך | גרינשפן בעריל |
| אהרונוביץ יוסף | ברייטברד שמחה | גרינשפן שמואל |
| אייזיקוביץ הרשל | בורנשטיין זוסמן | גרינשפן ישעיהו |
| אייזיקוביץ טרסקי | בילעט יהושיע | גרינשפן מרדכי |
| אלנשטיין יונים | בילעט דוד | גרינשפן חיים לייב |
| אפשטיין חנה | בורנשטיין ישראל | גרינשפן דינה |
| אלטרוויין מאיר | בורנשטיין פייבל | גרינשפן אסתר |
| אלטרוויין הניך | בורנשטיין משה | גרצרסקי משה |
| אנזולביץ הניך | בורנשטיין בעריש | גולדברג הרשל |
| אנזולביץ עזיל | בורנשטיין צשקה־פסח | גולדברג אברהם |
| בורנשטיין אברהם | בוזיקובסקי השקה | גרובר צילקה |
| בורנשטיין הרצל | ברודר אברהם | גרונלנד מנה |
| בורנשטיין לייביש | ברייטברד שמואל | גולדמן חיים־לייב |
| בורנשטיין ברוך | בורנשטיין וולף | גולדברג אהרון |
| בינדר משה | בילט מאיר | גרינשטיין בונים |
| ברודר אברהם יחיאל | בוזיקובסקי נטע | גרנק יעקב |

---

הערה:

פנינו לכל יוצאי ז׳ארקי בבקשה להמציא לנו שמות כל קרוביהם שניספו. לצערנו רק מעטים נענו לבקשתנו, ועל כן נאלצנו לסדר את הרשימה בהסתמך על זכרונם של מספר חברים, ואם לקויה הרשימה בחסרון — לא בנו האשמה.

גרנק צירל־גולדה
גומפל יחזקיאל
גומפל יחיאל
גרונוולד לייזר
גזדי ישראל־דוד
גולדברג מנחם
גרונלנד חנה
גרינבוים לייב
גלר יחיאל
גרינוולד קלמן יוסף
גוטמן רפופורט
גרונר לייבל
גרוסר אייזיק
גרבר ישראל
גוטמן דוד
גוטמן ברוך
גולנזר אברהם
גנדלמן יעקב־יונים
גוטפלד משה
גרונלנד מאיר
דרליך משה
דרזנר יחזקאל
דנציגר לאה
דומן נוטע
דומן יוסף
דומן לייבל
דומן יצחק
דומן מנלא
דומן שמואל
דובסקי שיינדל
דיאמנט יוסף
הירש פנחס
הלר יוסף חיים
הלר יעקב
הרשלקוביץ נתן
הירש משה דובים

הרשליקוביץ מרים־אסתר
היישריק יצחק
הרשליקוביץ יחיאל
הירש יוסף
הירש לאה
הרצברג אברהם־מרדכי
הרשליקוביץ נחה
וויינטריב חנה
ייילמן קופל
ווייסמן חנה
וויינגרטן פסח
ווינטר שמואל יוסף
וויינריב אידע־לייב
וורטר אברהם
וורטר לייזר לייב
וויינריב חיים
ווינריך אהרון
ורשבסקי יצחק
ורשבסקי יחזקאל
וינטר פישל
וויינריב שמואל
וינריך דוד־יונתן
וויינריב אברהם־לייב
ווינטר משה
וילדר שרה
וקשטיין הייניך
וויים הייניך
וויינגרטן יהושע
וורשבסקי אהרון מרדכי
וורשבסקי יעקב
וורשבסקי משה
ווילמן לייזר
וויינטרויב משה
וויינטרויב אברהם
וויינגרטן משה
וויינגרטן זישה

וישנוביצר יהושע
ורשבסקי אברהם מרדכי
וילמן שלמה
ווינריב נוטע
ווייסמן יעקב
וויינטרויב געצל
וויינריב יהודה לייב
ווייסמן בריש
וויינרייך לייביש
וויינטרויב יהושע
וויינרייך וולף
יייצמן בריש
ווייצמן ראובן
ווייסברד הניך
ווייסברד בן־ציון
ווייסברד אברהם
ווייסברד וולף
זילברשטיין אייזיק
זלצר חנה גוצ'ה
זיסמן יהושע
זברובסקי...
זילונקא יעקב
זילברברג בוצ'ע
זוננשיין קופל
זילברברג בוציע
זומרשטיין וולף
זיידמן יצחק־מנדל
זלצר דוד
זברובסקי משה
זילברברג מוטל
זברובסקי משה
זילברברג יצחק
זברובסקי מנדל
זברובסקי חיה־שרה
זלצר מנדל
זיידנר דוד

